א. ל. שוסהיים

# מנחם אוסישקין

(צווייטע אויפלאַגע)

*

אַרויסגעגעבן דורך דעם צענטראַל־ביוראָ פון
קרן קימת לישראל פאַר לאַטיין אַמעריקע

בועגאָס איירעס, אלול תש"ג.

# דער יונגער אוסישקין

אין מאָנאַט יאַנואַר 1882 האָבן צוויי אינגלעך, גימ־נאַזיע שילער, גענומען אנטייל אין אַ אידישער סטו־דענטן פאַרזאַמלונג אין מאָסקווע. עס איז נישט לייכט אָנגעקומען די אינגלעך, צו ווערן אַריינגעלאָזן אין פאַר־זאַמלונגס־זאַל. עס איז געווען אַ צייט, ווען מענטשן האָבן נאָך אָפּגעהיט גראַדן פון עלטער, פון ראַנג, און עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז תלמידים פון גימנאַ־זיע, האָבן נישט קיין רעכט אַריינצוקומען אין אַ פאַר־זאַמלונג פון „גרויסע” אוניווערזיטעט סטודענטן; אָבער דער וואונטש בייצווויין די דאָזיקע פאַרזאַמלונג איז ביי די אינגלעך, באַזונדערס ביי איינעם פון זיי, געווען אַזוי שטאַרק אַז זיי האָבן באַשלאָסן אָנצעווענדן אַלע דער־לויבטע מיטלען, כדי זייער וואונטש צו דערפילן. די צוויי האָבן אָנגעבאָטן זייער דינסט אַלס אָרדנער, אָדער אַלס שיק־אינגלעך פאַר די גרויסע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פאַרזאַמלונג. אַזוי האָבן זיי געהאַט די זכיה צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויף איינער פון די לעצטע בענק פון זאַל.

די פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער די צוויי אינגלעך האָ־בן אַזוי געגאַרט בייצווויין, איז געווען נישט פון די גע־וויינלעכע פאַרזאַמלונגען. ס׳איז דאָן געווען אַ אויסער־

געוויינלעכע צייט. אַ גרויסע אומרו האָט ארומגענומען די אידן אין דער מלוכה פון די צאַרן. אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען קעגן אידן האָט זיך אויסגעגאָסן איבער גאַנץ רוסלאַנד, באַזונדערס איבער די דרום טיילן פון דער דאָזיקער מלוכה. שוין באַלד צוויי יאָר אַז די פּאָגראָמען האָבן אָנגעהאַלטן, אויסברעכנדיק יעדעס מאָל אין אַן אַנדער געגנט. די דאָזיקע פּאָגראָמען זיינען נישט געווען צופעליקע פאָלקס-צוזאַמענלויפן אָדער גאַסן-געשלעגן מיט אַן אנטיאידישן אונטערשלאַק. ס'איז געווען אַ ריזיקע, זיך נישט אָפּשטעלנדע באַוועגונג פון אויפגעהעצטע מאַסן, אין וועלכער מען האָט דערקענט די אָרגאַניזירנדיקע האַנט, אָדער הענט. בלויז אין דער צייט פונם 15-טן אַפּריל 1881, דעם אויסברוך פונם ערשטן פּאָגראָם אין יעליסאַוועטגראַד ביז סוף פון דעם יאָר, זיינען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אין 215 פּונקטן אין צען גובערניעס. אין די פּאָגראָמען האָבן גענומען אָנטייל הונדערטער טויזנטער אויפגערייצטע, פינסטערע, פאַרווילדעוועטע מענטשן. אויפגערייצט דורך אומבאַקאַנטע אַגיטאַטאָרן, האָבן זיך אויפגעהויבן קעגן די אידן מחנות פויערים, דער שטאָטישער „לומפּנפּראָלעטאַריאַט", קליינבירגער, שוואַרץ-ארבעטער און אויך אַ טייל פאַבריק-ארבעטער. די דאָזיקע מאַסע, באַזונדערס די פויערים, וועלכע זיינען ערשט מיט 20 יאָר צוריק באַפרייט געוואָרן פון דער „פּאַנשטשינע", פונם „ראַבאָט", האָבן געלעבט אין די ערגסטע סאָציאַלע באַדינגונגען. און עס איז געווען קענטיק, אַז עמיץ האָט אויף אַ מעטאָדישן אופן, דורך אַ געשיקטער אַגיטאַציע, אָפּגעצויגן דעם האַס פון די דאָזיקע פאַרביטערטע מאַסן פון די שולדיקע אין זייער עלנט, צו די אידן. און דער „עמיץ" איז, ווי עס האָט זיך באַלד ארויסגעוויזן, געווען

ניט קיין אנדערער ווי די רעגירונג גופא, דאס הייסט די פאליציי, וועלכע האט געהאנדלט אין דירעקטן אויפ־טראג פון דער רעגירונג. די דאזיקע פאליציי האט פשוט באוויזן די קונץ, צו פארוואנדלען די פארביטערונג פון די פארעלנטע מאסן אין מאנארכיש־פאטריאטישע פא־גראמען קעגן די אידן, וועלכע די אגיטאטארן האבן אוועקגעשטעלט אלס די שונאים און די איינציקע שול־דיקע אין דער טרויעריקער לאגע פונם רוסישן ארבעטנ־דיקן פאלק.

אט אזוי האט די צארישע רעגירונג געוואלט דער־טרינקען אינם בלוט פון די פאגראמירטע אידן די אומ־צופרידנקייט און די פארביטערונג פון די פאלקס־מאסן און אויך די רעוואלוציאנערע באוועגונג פון דער שטא־טישער אינטעליגענץ. די רוסישע אידן האט ארומגענו־מען א געפיל פון צער און פארצווייפלונג. אין מאסקווע האט מען אויסגערופן א תענית־צבור. די סטודענטן אבער האבן זיך פארזאמלט, כדי צו באטראכטן די פרא־גע, וואוהין אויסוואנדערן: קיין אמעריקע, אדער קיין ארץ ישראל?

אין דער פארזאמלונג האבן גענומען אנטייל די אויבן דערמאנטע צוויי אינגלער: מנחם מענדל אוסישקין, און אכצן יאריקער, און יחיאל מיכל טשלענאוו. און ביידע האבן געהערט צו די, וועלכע האבן אויף דער פראגע, וואוהין אויסוואנדערן, געענטפערט: קיין ארץ ישראל.

די ביל"ו באוועגונג האט נאך דאן נישט עקזיסטירט. ערשט א צייט שפעטער איז אויסגערופן געווארן דער היסטארישער לאזונג: בית יעקב לכו ונלכה! אבער דער געדאנק פון ארץ ישראל, דער געדאנק פון א לעבעדיקער ארץ ישראל אלס היים פון דעם פארוואגלטן, געיאגטן און גערודפ'טן פאלק, האט שוין געשוועבט אין דער

לופט. און מ. אוסישקין איז שוין געווען דורכגעדרונגען פונם דאָזיקן געדאַנק.

ארץ ישראל איז פאַר דעם יונגן אוסישקין נישט געווען קיין נייע זאַך, ניט קיין פרעמדע, ניט קיין אומבאַקאַנטע און אַפילו ניט קיין ווייטע. דערצויגן אין גייסט פון אידישער טראַדיציע, האָט ער גייסטיק געלעבט מער אין ארץ ישראל, ווי אין מאָסקווע. ארץ ישראל איז געווען פאַר דעם אינגל דאָס לאַנד פון די אגדות און פון די קינדער־מעשיות, וועלכע די פרומע באָבע האָט דערציילט, דאָס לאַנד מיט וועלכן עס איז געווען פאַרבונדן זיין גאַנצע וועלט פון תורה און תלמוד, דאָס לאַנד פון די תפילות און פון אַלע בענקענישן און טרוימען. אַזוי איז ער שוין אַלס אינגל געווען מיט זיינע טרוימען און זיין ווילן אַן איינזוואוינער, אַ בירגער פון ארץ ישראל, און ירושלים איז שוין דאַן געווען זיין געליבטע שטאָט, די „עיר חמדת לבנו”, די „שטאָט נאָך וועלכער עס גלוסט אונזער הארץ”. און אַז דאָס איז ביי אים נישט געווען קיין פשוטע אינגלשע פאַנטאַזיע, זעען מיר פונם פאַקט, וואָס עטלעכע יאָר שפּעטער, אַלס אַן איינאונצוואַנציק יעריקער, פאַרשרייבט ער זיך צוזאַמען מיט זיין הבר טשלענאָוו צו גיין קיין ארץ ישראל מיט די ערשטע עולים פון ביל"ו. און ווען ער ווערט צוריקגעוויזן, אַ פּנים ווייל מען האָט אים באַטראַכט פאַר צו שוואַך, אָדער נאָך צו יונג, איז דאָס פאַר אים אַ שווערער קלאַפּ.

* *
*

מנחם מענדל אוסישקין איז געבוירן געוואָרן ראש חודש אלול, תרכ"ג (1863), אין דובראָוונאַ, מאָהילעווער

גובערניע, ביי חסידיש-פרומע עלטערן, וועלכע האָבן אים געגעבן אַ טראַדיציאָנעל אידישע דערציאונג. ס'איז די געוויינלעכע אידישע דערציאונג פון יענער צייט: דאָס דריי יאָריקע קינד ווערט אָפּגעגעבן אין חדר צו לערנען אלף-בית און דאַוונען; אין זעקסטן יאָר הויבט מען אים אָן לערנען חומש, און ווער ס'האָט אַ „גוט קעפּל" הויבט אָן גמרא לערנען ביי אַכט יאָר. אוסישקין האָט אָנגעהויבן גמרא לערנען אַלס אַ זיבן יאָריקער אינגל. דעמאָלט האָבן זיינע עלטערן זיך אַריבערגעצויגן פון דובראָוונאַ קיין מאָסקווע.

די דערציאונג פון דעם יונגן מנחם ליידט צוליב דעם נישט קיין איבערייס. אין מאָסקווע לערנט ער ווייטער גמרא און פּוסקים. עס פעלן נישט אין דער אַלטער צאַ-רן-שטאָט קיין אידישע מלמדים און לומדים. אַ געוויסע צייט לערנט דער יונגער מנחם ביים דעמאָלטדיקן מאָס-קווער רב ר' חיים בערלין, אַ זון פון באַוואוסטן וואָלאָ-זשינער גאון, וועלכער איז אַ קרוב פון דער פאַמיליע אוסישקין.

אַזוי ווערט אוסישקין דערצויגן ביז דרייצן יאָר — ביז צום בר-מצוה. ערשט ווען עס איז אין זיין גייסט אוועקגעלייגט געוואָרן אַזאַ שטאַרקער פונדאַמענט, נעמט פאַר אים זיין פאָטער אַ לערער פאַר רוסיש און אַלגעמיינע למודים און אין יאָר 1887 ווערט ער פאַר-שריבן אין רעאַל-שולע.

אַלס תלמיד פון דער רעאַל-שולע, וואו ער איז געווען דער איינציקער אידישער שילער ווי מיר האָבן שוין פריער באַמערקט, בייט נישט אוסישקין זיין ביז איצ-טיקן לעבנס שטייגער. ער איז ווייטער דער זעלבער אי-דישער אינגל. ער לערנט יעדן טאָג זיין שיעור און ער

לייענט איצט אויך די נייע העברעאישע ליטעראטור. אין שטוב פון אוסישקינס פאטער האט מען אודאי גע־האלטן דעם „המליץ", די העברעאישע צייטונג וואס איז דאן ארויסגעגאנגען אין פעטערבורג, און פון די שפאלטן פון „המליץ" איז דער אינגל אוסישקין וואר־שיינליך געוואוירע געווארן וועגן דער באוועגונג פאר ישוב ארץ ישראל, וואס איז דאן אנטשטאנען אין די אידישע ישובים אין פארשידענע לענדער. די דאזיקע באוועגונג פאר ישוב ארץ ישראל איז דעמאלט אנט־שטאנען כמעט גלייכצייטיק אין מזרח און מערב, אין דייטשלאנד און אין פראנקרייך, אין רוסלאנד און אין עסטרייך, באזונדערס אין גאליציע. אין ערגעץ אבער האט די דאזיקע באוועגונג נישט אנגעטראפן אויף אזא גינסטיקן באדן ווי אין רוסלאנד, וואו די פאגראמען האבן אוועקגעשטעלט פאר גרויסע מאסן און אינטעלי־גענטע אידן די פראגע: וואוהין אויסוואנדערן? וועגן דעם, אז מ'דארף אויסוואנדערן איז גאר קיין פראגע נישט געווען. די פראגע איז נאר געווען „וואוהין": קיין אמעריקע, צי קיין ארץ ישראל? אז ס'האט דאן בכלל געקענט אויפקומען די פראגע וועגן אויסוואנדערן קיין ארץ ישראל, איז שוין א סימן פון א געוויסער אידעא־לאגישער שטרעמונג. ארץ ישראל איז דאן געווען אן ארים, אפגעשטאנען, הרוב לאנד אין אן אפגעשטאנענער מלוכה. קיין ארץ ישראל פלעגן אלטע פרומע לייט פארן שטארבן. אוועקשטעלן ארץ ישראל אלס א לייזונג פאר אויפבויען דארט א נייע אידיש לעבן, איז א סימן, אז ס'איז שוין דאן אין דער אידייע פאראן געווען דער ציוו־ניזם, כאטש דער נאמען האט נאך דאן נישט עקזיס־טירט. דאס ווארט ציוניזם האט געשאפן ערשט עטלע־כע יאר שפעטער דער דעמאלטדיקער חובב־ציון דר.

נתן בירנבוים אין ווין און טאקע ווייל עס איז שוין דאן פאראן געווען אין דער אידייע דאס, וואס מיר רופן היינט ציוניזם, איז מעגלעך געווען, אז א פארזאמלונג פון אידישע סטודענטן אין מאסקווע זאל אויף דער פראַגע וואוהין אויסוואנדערן? ענטפערן: קיין ארץ ישראל. און דער יונגער אוסישקין, וועלכער האט נאך „ניט געהאט קיין רעכט" ארויסצוזאגן זיין דעה אויף יענער היסטארישער פארזאמלונג, איז דאך אבער מיטן גאנצן הארצן געווען א דורכאויסיקער „פאלעסטינעץ", אדער ציוניסט, ווי מיר זאגן היינט. ווארום אויסוואנדערן קיין ארץ ישראל האט דאן אין אנפאנג פון די אכציקער יארן פון פארגאנגענעם יארהונדערט געהייסן, נישט פארן פארברענגען אויף דער פלאזשע אדער אין די קאפעהייזער פון תל־אביב, נישט זיך איינארדנען א שיינע דירה אויפן הדר הכרמל — נאר ס'האט געהייסן פארן אין אן אפגעשטאנען, ווייסט לאנד און אין קאמף מיט דער מאלאריע און מיט טויזנטערליי אנדערע ליידן אוועקצולייגן א גרונטשטיין פארן בוי פון א ניי אידיש לעבן אין דעם זיך ווידערבויענדיקן אידישן לאנד. און דער דאזיקער געדאנק האט שוין געהאט פארנומען דעם מוח און דאס הארץ פונם אכצן־יאריקן אוסישקין. דאס דארף מען פעסטשטעלן.

# די אידייע פון ישוב ארץ ישראל

## קריסטלעכע ציון־פריינט

די אידייע פון ישוב ארץ ישראל אין איר נאציאנאל־קאנסטרוקטיווער פארם איז ניט געבוירן געווארן אין מוח פון אוסישקין. די דאזיקע אידייע האט, אזוי צו זאגן, „געהאנגען אין דער לופט” דורך לאנגע יארהונ־דערטער. און עס איז כאראקטעריסטיש, אז צום מער־סטן זיינען עס געווען קריסטלעכע מענער, וועלכע זיי־נען יעדעס מאל ארוים מיט נייע פלענער וועגן ווידער־אויפבויען ארץ ישראל אלס א אידיש לאנד אדער אלס אידישע מלוכה. ס'איז כדאי צו דערמאנען אלס קוריאז אז אין מיטן פון פריערדיקן יארהונדערט איז א איטא־ליענישער פארלאמענטאריער מיטן נאמען בעניטא מו־סאלינא, געווען דער אויטאר פון א פראיעקט ווידער־אויפצובויען ארץ ישראל אלס אידישע מלוכה. דער דא־זיקער מוסאלינא איז געווען איינער פון פילע. דער עיקר האבן קריסטלעכע ענגלענדער און אמעריקאנער זיך אינ־טערעסירט פארן ווידעראויפבוי פונם אלטן לאנד פון די נביאים פארן און דורכן פאלק פון די נביאים. צווישן די ענגלענדער איז באזונדערס באקאנט געווארן סער לאורענס אליפאנט, וועלכער איז אין יאר 1882 גע־

ווײלט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון אַ קריסטלעכער געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַזעצן אידן אין ארץ ישראל פאַר פּראָדוקטיווער אַרבעט. דער דאָזיקער קריסטלעכער מענטשן־פרײַנט, אָליפאַנט, איז ניט געווען בלויז סתם אַזוי אַ „פּלאַטאָנישער ציוניסט". אין אינטערעס פון זײַן אידעאַל פון ווידעראויפבוי האָט ער געזוכט באַציאונגען צו אידישע נאַציאָנאַלע קעמפער פון יענער צײַט, ווי למשל צום העברעאישן שרײַבער פרץ סמאָלענסקין און ער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין אַ קאַמף קעגן דער אַסימילאַטאָרישער אידישער בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך דאַן אַוועקגעשטעלט ווי אַן אײַזערנע וואַנט קעגן יעטווערן פּלאַן פון ווידעראויפבויען דאָס אַלטע אידישע לאַנד. און ס׳איז אײנער פון די אינטערעסאַנטסטע דראַמאַטישע מאָמענטן אין אונזער געשיכטע, אַז בעת דער קריסטלעכער סער אָליפאַנט איז ספּעציעל געפאָרן קײן לעמבערג און בראָד, כדי זיך דאָרט צו באַגעגענען מיט די טויזנטער פּליטים פון די רוסישע פּאָגראָמען און זײ צוצורעדן פאָרן קײן ארץ ישראל, איז אײלנדיק געקומען, מיט אַ פּונקט פאַרקערטער מיסיע, דער פאָרשטײער פון „אַליאַנס איזראַעליט", שאַרל נעטער, צוזאָגנדיק די פּליטים, זײ צו ברענגען וואוהין זײ זאָלן ניט וועלן, נאָר ניט קײן ארץ ישראל, ווײַל ארץ ישראל, האָט נעטער דערקלערט די עמיגראַנטן, קאָן ניט אויפנעמען קײן גרעסערע צאָל אײַנוואַנדערער. און, נעטער האָט ניט געזאָגט קײן ליגן. ארץ ישראל, איז אײלנדיק געקומען. מיט אַ פּונקט פאַרקײן גרעסערע אימיגראַציע — אָבער, פאַרשטײט זיך, נאָר אַזאַ אימיגראַציע, וועלכע וויל קומען צום גרײטן. די אידײע וועגן אויפבויען אַ אידיש לאַנד, וואו דער איד זאָל זיך קענען אַוועקזעצן ווי אין זײַן אײגענער

הײם — די דאָזיקע אידײע, װעלכע עס האָבן פּראָפּאַגירט אַזױ פיל קריסטלעכע פּובליציסטן און דענקער און פאַר װעלכער עס האָט געאַרבעט מיט אַזױ פיל איבערגעגעבנקײט סער אָליפאַנט — די דאָזיקע אידײע האָט ניט געקענט אַרײַנגײן אין די מוחות פון דער אידישער בורזשואַזיע, ניט אַפילו בײַ אַ שאַרל נעטער, דער גרינדער און לאַנג־יעריקער לײטער פון „מקוה ישראל". (צװישן די קעמפער קעגן ישוב ארץ ישראל האָט פאַרנומען אַ פּראָמינענטן פּלאַץ דער דײטשער שריפטשטעלער קאַרל עמיל פראַנצאָז, פון געבורט אַ גאַליצישער איד).

די דאָזיקע אידײע פון װידעראױפבױען ארץ ישראל, פאַר װעלכן די זאַטע „באַזאַכטע" און רואיקע אידישע בורזשואַזיע האָט געהאַט טויבע אויערן, האָט אַזױ ענטוזיאַזמירט דעם קריסטלעכן אידעאַליסט אָליפאַנט, אַז ער האָט זיך אַנטשלאָסן צו פאָרן קײן ארץ ישראל, כדי דאָרט צו שטיצן די אידישע קאָלאָניעס, װעלכע האָבן זיך געהאַלטן אין גרינדן. (אויף דער דאָזיקער רײזע קײן ארץ ישראל האָט אָליפאַנטן באַגלײט דער דיכטער פון דער „התקוה", נפתלי הערץ אימבער). די אידײע װעגן נאַציאָנאַלער אױפלעבונג האָט װי אַ פלאַם־פײער אַרומגענומען די בעסערע, די אידיש־דערצױגענע אידישע יוגנט.

# בירנבוים און אוסישקין

און לאָמיר דאָ אָנווייזן אויף אַן אינטערעסאַנטן היס־טאָרישן צוזאַמענטרעף: אין דעם זעלבן יאָר 1882, ווען יונגע מאָסקווער סטודענטן ענטפערן אויף דער פראַגע — וואוהין אויסוואַנדערן? — קיין ארץ ישראל! און דער יונגער אוסישקין איז דער יונגסטער צווישן די דאָזיקע סטודענטן, אין דעם זעלבן יאָר גרינדן יונגע אידישע סטודענטן אין ווין דעם סטודענטן־פאַריין „קדימה" און איינער פון די גרינדער איז נתן בירנבוים, וועלכער איז מיט אַ יאָר אינגער פון אוסישקינען. צוויי יאָר שפּעטער גרינדעט דער דעמאָלט צוואַנציק־יעריקער בירנבוים אין ווין אַ ציוניסטיש בלאַט „זעלבסט־עמאַנסיפּאַסיאָן", און דעם סטודענטן־פאַריין „קדימה" (דעם העברעאישן נאָ־מען האָט איר געגעבן פּרץ סמאָלענסקין), וועלכער שטעלט זיך אַלס אויפגאַבע: קאַמף קעגן דער אַסימילאַ־ציע, דערהויבונג פונם אידישן זעלבסט־באַוואוסטזיין און קאָלאָניזירונג פון ארץ ישראל. אַט אַזוי דענקט און טראַכט אידישע יוגנט אַרום 1882 אין מאָסקווע, ווי אין ווין און אין לעמבערג. אין לעמבערג גרינדעט זיך אין זעלבן יאָר דער פאַריין „מקרא קודש", וועלכער האָט שפּעטער פאַרביטן דעם נאָמען אויף „ציון". דער דאָזי־קער פאַריין האָט געדינט דער אידייע פון ישוב ארץ

ישראל. פון אים זיינען שפּעטער אַרויסגעקומען די באַ־קאַנטע גאַליצישע ציוניסטישע פירער ווי אַדאָלף שטאַנד, דוד מאַלץ, ראובן בירער, א. א. דאָס איז געווען די אידישע יוגנט, וועלכע האָט דעמאָלט אָנגעהויבן אין אידישן לעבן — אַ רעוואָלוציע פון אויפבוי און פון צו־גרייטן די כוחות. די דאָזיקע יוגנט האָט שפּעטער גע־געבן דעם „טאָן” דער מאָדערנער ציוניסטישער באַוועג־גונג. אָבער ניט אַלע האָבן געהאַט דעם זעלבן כוח און ניט אַלע זיינען מיטגעגאַנגען מיט דער באַוועגונג. אַ טייל האָבן זיך אומגעקערט פון וועג און אַוועקגעגאַנגען אויף אַנדערע וועגן — ווי למשל נתן בירנבוים, אַנדערע האָט צוריקגעהאַלטן אין וועג די שוואַכע אמונה, דער גייסט פון ספיקות, ווי למשל אחד־העם. (כדאי דאָ צו דערמאָנען, אַז אויף יענער היסטאָרישער באַגעגעניש אין בראָד, צווישן שאַרל נעטער און די פּליטים פון רוסלאַנד איז אויך געווען דער יונגער אחד־העם, און אויך ער, דער גרינדער פון די „בני משה” איז געווען קעגן שיקן פּליטים קיין ארץ ישראל). צווישן די שטאַר־קע, די שטאַרקע אין גלויבן און שטאַרקע אין ווילן, די וועלכע האָבן כסדר געוועקט דאָס פאָלק, געשטאַרקט זיין גלויבן און געוועקט זיין ווילן, די וועלכע האָבן אויס־געבויט די באַוועגונג און געגאַנגען מיט איר אַלס פּי־רער און געפירטע, אַזעלכע ווי יחיאל מיכל טשלענאָוו און ווי היים היסין און די ערשטע פון ביל״ו, איז מנחם אוסישקין געווען איינער פון די שטאַרקסטע. ער איז געווען דער ארי שבחבורה, און מיט זיין אייזערנעם ווי־לן און מאָראַלישער גבורה האָט ער מיטגעפורעמט די באַוועגונג, וועלכע איז געוואָרן דער אינהאַלט פון זיין לעבן.

וועגן דער דאָזיקער מאָראַלישער גבורה פון דעם יונגן

אוסישקין קאָנען מיר זיך מאַכן אַ באַגריף פון אַט אַזאַ עפּיזאָד: אין 1887 איז אוסישקין, אַ יונגערמאַן פון 24 יאָר, ער נעמט דאָן אנטייל אין אַ צוזאַמענפאָר פון די חובבי ציון אין דרוסקעניק. דאָס איז זיין ערשטער אַרויס־טריט אויף אַ ברייטער ציוניסטישער אסיפה. אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר באַקומט אוסישקין, אויפן פאָר־שלאָג פון די רבנים ר׳ שמואל מאָהיליווער און ר׳ מרדכי עליאַשבערג, די מיסיע צו ווירקן אויפן קאַפּוסטער רבין ר׳ זלמן שניאורסאָן אין די אינטערעסן פון חיבת ציון און ישוב ארץ ישראל. ר׳ שמואל מאָהיליווער איז דאָן געווען אַ איד פון אַ יאָר 63 און ר׳ מרדכי עליאַשבערג איז געווען אַ בן־שבעים, און די דאָזיקע רבנים און די אַנדערע אנטיילנעמער פון דעם צוזאַמענפאָר האָבן שוין אַזאַ געהויבענע מיינונג וועגן דעם מאָראַלישן כוח פון דעם יונגן 24 יעריקן בחור, אַז זיי גיבן אים איבער אַזאַ וויכטיקע מיסיע. און אוסישקין פירט דורך די מיסיע מיט אַ גלענצנדיקן דערפאָלג. דאָ האָבן מיר אַ צווייטן סימן פון דעם יונגן אוסישקינס מאָראַלישן און גייסטי־קן כוח.

# חיבת ציון — אַ יונגנט אידעאַל

בכלל איז די חובבי ציון באַוועגונג פון יענער צייט אַ באַוועגונג, אין וועלכער די יונגט אַרבעט האַרמאָניש מיט די עלטערע, די „דערפאַרענע לייט". די יוגנט איז דער אַקטיווסטער כוח. זי איז עס געווען וועלכע האָט דעם בעל־הבית'ש פרומען רעיון פון ישוב ארץ ישראל געגעבן אַ נאַציאָנאַלן שוואונג. די העראָאישע ראָמאַנטישע ביל"ו־באַוועגונג, איז אַ באַוועגונג פון יונגע סטודענטן. טאַקע די סטודענטן זיינען דאָס געווען די, וועלכע זיינען אַרויס מיטן ראָמאַנטישן לאָזונג: בית יעקב לכו ונלכה (ביל"ו). די סטודענטן האָבן געשאַפן דעם נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט־אידעאַליזם אַרום דער פראַקטישער באַוועגונג פון ישוב ארץ ישראל. זיי האָבן געגעבן שוואונג דער באַוועגונג.

ווען עס אָרגאַניזירט זיך די ביל"ו־גרופּע אין מאָסקווע איז אוסישקין אַ אינגל פון 19 יאָר. ער שליסט זיך אָן אין דער דאָזיקער גרופּע און ער פאַרשרייבט זיך אַלס קאַנדידאַט צוזאַמען מיט יחיאל טשלענאָוו, זיין חבר און פריינט אין גלייכן עלטער, צו גיין אַרבעטן קיין ארץ ישראל. צום גליק פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג האָט די קאָמיסיע די צוויי יונגע אידעאַליסטן אויסגעשלאָסן, באַטראַכטנדיק זיי פאַר צו שוואַך פאַר ערד־אַר־

בעט אין דעם פאַרלאָזענעם לאַנד. פאַר אוסישקינען איז דאָס דאַמאָלסט געווען אַ גרויסע טראַגעדיע און ער האָט זיך צעוויינט, אָבער פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג איז דאָס געווען אַ גליק, וואָרום אין דער אַרבעט אויפן באָדן פון ארץ ישראל וואָלט דער יונגער אוסישקין געווען געפּונען אַ דערפילונג פון זיינע אידעאַלן און בענקשאַפט און עס וואָלט דאַן געווען פאַרלוירן געגאַנגען דער דאָזיקער ברויזנדיקער און שטורמדיקער כוח און די עקשנות, וועלכע איז געוואָרן די שטאַרקע מאָטאָרקראַפט אין די קומענדיקע זעכציק יאָר פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

נישט קענענדיק דערפילן זיין וואונטש צו גיין אַרבעטן די הייליקע ערד פון ארץ ישראל, וואַרפט זיך אוסישקין אַריין אין דער אַרבעט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער אידייע. זיין ערשטע רעדע האָלט דער 20-יעריקער בחור אינם מאָסקווער סטודענטן-פאַריין, און די טעמע: איבער דעם אויפשטאַנד פון די מכבים.

עס הויבט זיך אָן דאַן פאַר אוסישקינען אַ פּעריאָד פון אַ לעבהאַפטער ציוניסטישער אַקטיוויטעט (מיר רעדן דאָ וועגן „ציוניזם״, כאָטש ווי שוין באַמערקט, איז דאָס וואָרט געשאַפן געוואָרן ערשט שפּעטער דורך דעם יונגן נתן בירנבוים אין ווין). אוסישקין באַטייליקט זיך, אין 1884-טן יאָר, אין דער גרינדונג פון דעם אידישן סטודענטן-פאַריין „בני ציון״ אין מאָסקווע. פון דעם דאָזיקן פאַריין זיינען שפּעטער אַרויס די בעסטע ציוניסטישע עסקנים אין רוסלאַנד. אין דעם זעלבן יאָר ווערט ער סעקרעטאַר פון דער גרופּע חובבי ציון, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך ר׳ קלונמוס זאב וויסאָצקי. אין 1887 פירט ער דורך די אויבן באַשריבענע מיסיע ביים קאַפּוסטער רבין, און ער באַטייליקט זיך אַלס דע-

לעגאַט פון די מאָסקווער „בני ציון" אין דעם חובבי ציון צוזאַמענפאָר אין דרוסקעניק. 1889 שליסט ער זיך אָן אין דעם אָרדן „בני משה", וואָס ווערט געשאַפן דורך אחד־העם, און ער פאַרפאַסט די סטאַטוטן פון דעם אָרדן. די „בני משה" האָבן געבילדעט אַ מין מאַסאָנישן אָרדן אויף אידישע טראַדיציאָנעלע גרונט־לאַגעס. (אין דריטן פונקט פון די סטאַטוטן רעדט זיך וועגן ישוב ארץ ישראל און וועגן דעם אינערן מעמד אין ארץ ישראל). אין 1890 איז אוסישקין איינער פון די צוויי מאָסקווער דעלעגאַטן צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער שוין לעגאַליזירטער חובבי־ציון אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד. אין 1891 באַפרײדיקט אוסישקין זיין לאַנג געגאַרטן וואונטש און ער באַזוכט ארץ ישראל. דאָס איז זיין חתונה־רייזע, וועלכע ער מאַכט צוזאַמען מיט זיין פרוי, מיט וועלכער ער האָט ערשט התונה געהאַט. די עלטערן פון דער יונגער פרוי, יעקאַטערינאָסלאַווער אַסימילאַנטן, קוקן אַביסל קרום אויף דעם איידעמס אידישע קאַפריזן. ס'איז פאַר זיי גענוג וואָס דער יונגער אינזשעניער וויל דווקא איינאָרדנען אַ כשר'ע אידישע שטוב. אַזאַ אָפּגעשטאַנענקייט ביי אַ מאָדערנעם מענטשן! אָבער אַז ער וועט אַוועקפאָרן מיט דער יונגער ווייב אויפן האָניק־חודש גראָד קיין ארץ ישראל, דאָס האָט זיי ניט געקענט קומען אויפן געדאַנק. אוסישקין האָט טאַקע געמוזט האַלטן בסוד פאַר זיין שווער און שוויגער זיין גאַנצן רייזעפּלאַן. ערשט ווען ער איז אַרויף אויפן שיף האָבן זיך שווער און שוויגער דערוואוסט פון דעם דאָזיקן „ווילדן פּלאַן". אוסישקינס יונגע פרוי האָט ניט געטאָרט זיין קיין אייפערזיכטיקע, וואָרום אוסישקין האָט געהאַט אַ „צווייטע ליבע": ירושלים, ארץ ישראל.

# אוסישקינס ערשטע באַגעגעניש מיט ד״ר הערצל

מיט זיין ערשטער רייזע קיין ארץ ישראל שליסט זיך דער יוגנט־אָפּשניט פון אוסישקינס לעבן. מיר ציילן דאָס יאָר 1891. אוסישקין געפינט זיך דאַן אין אָנהויב פון זיין אַרבעט פאַר ארץ ישראל, פאַר וועלכער ער וועט ווידמענען נאָך פופציק יאָר פון זיין לעבן. אָבער שוין דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דעם דאָזיקן לעבן, די ערשטע צען יאָר אידישע און ציוניסטישע טעטיקייט ווייזן אונז דעם קומענדיקן שטאַרקן מאַן, וועלכער וועט ניט צולאָזן קיין שום אָפּנויג פון דעם דאָזיקן געדאַנק און פון דעם דאָזיקן טאַט.

ס׳איז אַ וואונדערלעכע דערשיינונג, ווי גרויסע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען וואַקסן טיילמאָל אויס צוזאַמען מיט זייערע פירנדיקע מענטשן. ווען אוסישקין פאָרט אַוועק אויף זיין ערשטער רייזע קיין ארץ ישראל, געפינט זיך דער ציוניזם אין צושטאַנד פון אַ גייסטיקער שטרעמונג, פון אַ נאַציאָנאַלער שטרעבונג אין וועלכער עס דרעמלען צוקונפטיקע כוחות וואָס וואַרטן אויף דעם מענטשן פון דער השגחה, וועלכער זאָל קומען די דאָזיקע כוחות אויפוועקן, אַריינבלאָזן אין זיי לעבן און

זיי לאָזן קומען אין באַוועגונג — פשוט זיי אַרויספירן אויף דער ליכטיקער וועלט. עס זייגען פאַראַן געווען פאַריינען פאַר ישוב ארץ ישראל אין רוסלאַנד, אין עסט־רייך, אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און אפילו אויפן באַלקאַן. אַ אידייע, וועלכע שפּרייט זיך אויס אויף אַזאַ גרויסן שטח פון אַזויפיל לענדער, און וועלכע נעמט געפאַנגען די הערצער פון אַ גרויסן טייל פון דער אידישער יוגנט, קען דאָך ניט באַטראַכט ווערן ווי עפּעס אַן ענין פון וועלט־פרעמדע בטלנים. דער ציוניזם איז שוין דאַן געווען גייסטיק צייטיק, עס האָט נאָך אָבער געדאַרפט קומען דער מאַן, וועלכער זאָל געפינען דאָס ריכטיקע וואָרט, כדי אויפצעוועקן די דרימלענדיקע כוחות און כדי צו פאַרבינדן די פאַראייגצלטע צווייגן צו איין גרויסער באַוועגונג. דער דאָזיקער מאַן האָט זיך באַוויזן אין 1895. און ער האָט געפונען דאָס וואָרט וואָס האָט געהאַט אין זיך דעם כח אויפצעוועקן די דרימלענ־דיקע און צוציען נייע כוחות צו אַ גרויסער באַוועגונג פאַר אַ אידישער מלוכה. אַ אידישע מלוכה, פאַלעסטינע אַלס אַ אידיש לאַנד, אַלס ארץ ישראל, איז אייגנטלעך געווען דער אינערלעכער וואונטש, די שטאַרקע שטרע־בונג און דער הייליקער טרוים פון אַלע חובבי ציון — באַזונדערס פון די יונגע אידעאַליסטן אין דער באַווע־גונג. וועגן אַ אידישע מלוכה האָבן גערעדט אַלע קריסט־לעכע ציוניסטן פונם 18־טן יאָרהונדערט און 19־טן יאָר־הונדערט. און אויך משה העס, לעאָן פּינסקער, נתן בירנבוים און די אַנדערע אידן, וועלכע האָבן געשריבן וועגן דעם ענין פון קאָלאָניזירן ארץ ישראל האָבן פאַר־שטאַנען ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ אידיש לאַנד. אָבער עס האָט געמוזט קומען טעאָדאָר הערצל, וועלכער זאָל די דאָזיקע לייזונג פון אַ אידיש לאַנד אַרויסרופן אין

דער וועלט מיט דער גאַנצער דרייסטקייט פון אַ מאַ־דערנעם אייראָפּעער און מיט דער גאַנצער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פון אַ אידן אַ פאַרוואונדעטן פון דער אַנטיסעמיטישער שנאה.

אָבער, מאָדנע: אוסישקין ווערט נישט נתפעל פון דעם נייעם מאַן און פון זיין לאָזונג. אין מאָנאַט מאַי 1896 באַקומט אוסישקין מיט דער פּאָסט פון ווין די רוסישע איבערזעצונג פון הערצלס בוך. צוזאַמען מיט דעם בוך קומט אַ בריוו פון די ווינער חובבי ציון מיט דער ביטע צו פאַרשפּרייטן דאָס דאָזיקע בוך צווישן די רוסישע אידן. אוסישקין זעט ניט קיין שום נויטווענדיקייט צו פאַרשפּרייטן דאָס דאָזיקע בוך, ווארום, זאָגט ער, דער רוסישער איד וועלכער האָט געלייענט די ביכלעך פון פּינסקערן און פון ליליענבלומען וועט דאָ גאָר קיין נייעס ניט געפינען. אין אַ צווייטן בריוו שרייבן אים די ווי־נער חובבי ציון (וואָרשיינלעך דר. בירנבוים), אַז דער אויטאָר פון דעם בוך איז אַ זייער אָנגעזעענע פּערזאָן, און אַז ער קען ברענגען אַ גרויסן נוצן דער באַוועגונג. אָבער אוסישקין ווערט אַלץ ניט נתפעל. די רוסישע אי־דן, ענטפערט ער, קענען נישט דעם מחבר. ערשט סוף יוני פון דעם יאָר, ווען ער געפינט זיך אין ווין, נעמט ער אָן אַן איינלאַדונג פון דר. הערצל, וועלכע עס ברענגט אים דר. בירנבוים, אים צו באַזוכן אין זיין פּריוואַטער וואוינונג. נאָך די געוויינלעכע העפלעכקייטס־פראַזן פון דער ערשטער באַגעגענונג, פרעגט הערצל אוסישקינען זיין מיינונג וועגן זיין בוך. אָבער אוסישקין ווערט נאָך אַלץ נישט נתפעל „אַז איך בין מסכים מיטן עיקר גע־דאַנק וועגן איינאָרדנען אַ אידישע מדינה אין ארץ ישראל — ענטפערט אוסישקין — באַווייזט שוין דער פאַקט וואָס איך באַלאַנג צו דער אָרגאַניזאַציע פון די

חובבי ציון פון דעם ערשטן טאָג פון איר גרינדונג". פאַר אוסישקינען איז אַלזאָ די באַוועגונג פון חובבי ציון, אַ באַוועגונג פאַר אַ אידיש לאַנד, און וועגן הערצלס פאַרשלאָגן בנוגע דער פאַרווירקלעכונג פון דעם געדאַנק זאָגט אוסישקין הערצלען, אַז וועגן דעם דאַרף מען זיך באַטראַכטן און נאָך אַ סך דיסקוטירן.

אָבער נישט קוקנדיק אויף אוסישקינס קריטישער באַציאונג צו הערצלס פּלענער וועגן דער פאַרווירקלעכונג פונם אידנשטאַט-געדאַנק, איז קענטיק, אַז דער יונגער מאָסקווער איד רופט אַרויס אינטערעס ביים ווינער שריפטשטעלער. זייער ערשטער שמועס דויערט איבער צוויי שעה. הערצל רעדט מיט אָפּטימיזם וועגן זיין פּלאַן. ער איז כמעט זיכער, אַז ער וועט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל ביים סולטאַן נישט אָנטרעפן קיין גרויסע מניעות און ער האָפט אויך אויף דער הילף פון די אייראָפּעאישע רעגירונגען. און אויב אַזוי, רעכנט הערצל, וועט אים שוין נישט שווער זיין צו באַקומען די נויטיקע קאַפּיטאַלן פאַר דער רעאַליזירונג פון זיין פּלאַן. ער האָט נאָר איין זאָרג: צי עס וועלן זיך געפינען אידן, פּעאיקע צו קאָלאָניזאַציע און צי זיי וועלן זיך וועלן קאָלאָניזירן.

דער דאָזיקער אָפּטימיזם הערצלס איז אַביסל וואונדערלעך. וואָרום הערצל האָט שוין דאַן געקענט די באַציאונג פון די גרויסע אידישע פינאַנץ-מאַגנאַטן צו זיין פּלאַן. ער האָט שוין געהאַט די אָפּזאָגן פון די ראָטשילד'ס און פון באַראָן הירש פון געגנוי מיט אַ יאָר צוריק. קענטיק אַז ער האָט נישט געוואָלט אויפדעקן זייגע שוועריקייטן פאַר דעם מאַן, וועלכן ער האָט געוואָלט געווינען פאַר זיין פּלאַן, און אין וועלכן ער האָט געזען אַ פאַרשטייער פון די רוסישע חובבי ציון. וועגן הערצלס זאָרג, צי וועט ער געפינען גענוג אידן פאַר זיין קאָלאָ-

ניזאַציע-פּלאַן, ענטפערט אוסישקין, אַז ער נעמט אויף זיך, אים צוצושטעלן אַזויפיל אידן וויפל ער, הערצל, וועט נאָר קענען באַזעצן. הונדערטער טויזנטער פון אונזערע ברידער גאַרן זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל — פאַרזיכערט אוסישקין — עס פעלט נאָר געלט. או־סישקין פאָרט טאַקע קיין פאַריז צום באַראָן ראָטשילד, דעם „באַוואוסטן נדיב", וועגן מיטלען צו גרינדען אַ קליינע אַרבעטער-קאָלאָניע, קסטינה. אַלזאָ, בלויז אויף צו באַזעצן עטלעכע צענדליק אידן אין ארץ ישראל מוז אוסישקין מאַכן די וויטע רייזע פון יעקאַטערינאָסלאַוו קיין פאַריז. די מיטלען פון די רוסישע חובבי ציון קלע־קן נישט אַפילו פאַר אַזאַ קליינער קאָלאָניזאַציע אונ־טערנעמונג.

ביי דער באַגעגעניש פון אוסישקינען מיט הערצלען זעען מיר צוויי מענער אַרויסגעוואַקסענע פון פאַרשידע־נע געאָגראַפישע און פּאָליטישע באַדינגונגען, פון פאַר־שידענע סביבות, פאַרשידענער קולטור און פאַרשידע־נער דערציאונג. ביידע זיינען אידן און ביידע האָבן שוין איין געמיינזאַמען אידעאַל: צו שאַפן אַ לאַנד פאַרן אידישן פאָלק. אָבער די פאַרשידנקייט פון דער דערצי־אונג און פון דער קולטור צווישן די צוויי מענער, ברענגט זיי דערצו, אַז יעדער פון זיי וויל דערגרייכן דעם זעלבן ציל דורך פאַרשידענע וועגן. הערצל דער אייראָפּעער, דער זשורנאַליסט אין דינסט פון אַ גרוי־סער אייראָפּעאישער ציימונג, וויל דערגרייכן אַ אידישן שטאַט דורך אַ גרויסער פּאָליטיש-דיפּלאָמאַטיש-פינאַנ־ציעלער קאָנצעפּציע. די אידן, די אידישע פאָלקס-מאַסן, קען הערצל נישט. ער קען די אידן פון בודאַפּעשטער „טאַבאַק"-טעמפּל, די אידן פון ווינער זאַלצגרים, גע־וויסע אידן פון פאַריז, די אידן אין דער זשורנאַליסטיק

און אין דער נישט אידישער ליטעראַטור. ער קען הייסט עס, כמעט דורכאוים אַזעלכע אידן, וועלכע וואַלטן וועלן פאַר יעדן פרייז אַנטלויפן פון זייער אידישקייט אָדער לכל-הפחות באַהאַלטן דעם דאָזיקן אומאַנגענעמען און אומבאַקוועמען פאַקט פאַר זיין אידן. די אידן מיט וועל-כע הערצל באַגעגנט זיך אין די רעדאַקציעס, אין די קאַפע-הייזער, געהערן כמעט אַלע צו דעם דאָזיקן טיפּ איד, און זיי מאַכן אַלע חוכא וטלולא פון דעם „נייעם משיח", וועלכער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַן „אידעע פיקס" אויסצולייזן דאָס אידישע פאָלק און צו גרינדן מיט אידן אַ אידישע מלוכה.

# צוויי פערזאָנען —
# צוויי גאולה אידייען

און אַט געפינט זיך פאַר הערצלען אַ מאַן, פאַר וועלכן זיין מלוכה-פלאַן איז גאָר קיין נייעס נישט. ער אַרבעט פאַר דער אידייע פון אויפבויען דאָס אידישע לאַנד שוין פון זינט זיין ערשטער יוגנט. אָבער ער גייט צו דעם דאָזיקן ציל מיט אַנדערע וועגן. אוסישקין, פונקט ווי די אַנדערע חובבי ציון, וויל דערגרייכן דעם ציל פון דער אויפגעבויטער אידישער ארץ ישראל דורך פּראַקטישער אַרבעט, דורך ישוב ארץ ישראל, דורך קליין קאָלאָני־זאַציע, ווי הערצל רופט דאָס אָן מיט אַ היבש ביסל גרינגשעצונג. אוסישקין וויל שאַפן דעם גרויסן פאַקט פון אַ אידישער מלוכה אין ארץ ישראל דורך טאָג־טעגלעכע קליינע פאַקטן. דורך באַזעצן צען אידן און נאָך צען און נאָך הונדערט און ווידער הונדערט און דערנאָך טויזנט און טויזנט. אוסישקין איז, אין קעגנ־זאַץ צו הערצלען, נישט בלויז דער מענטש פון דער טראַדיציאָנעלער אידישער סביבה, דער מענטש וואָס איז דערצויגן געוואָרן אַלס איד אין אידישן ווישן, אין אַלטן אידישן גייסט, דעם איד, פאַר וועלכן ארץ ישראל איז אַ נאַטירלעכער אינטעגראַלער טייל פון זיין אידיש־

קיים. אוסישקין האָט דאָן אויך שוין געהאַט געזען ארץ ישראל, די פּאַרוויסטע און פאַרלאָזענע און אָרעמע, און אַזוי ווי ארץ ישראל איז ביי אים אַ זאַך פון ליבע און בענקשאַפט, דענקט ער קאָנקרעט וועגן אויסלייזן דעם באָדן פון ארץ ישראל, גאולת-הארץ. אויפבויען דאָס פאַרוויסטע לאַנד דורך אידישע הענט מיט אידישער ליבע און מסירת נפש.

הערצלס גרויסע פּאָליטישע קאָנצעפּציע איז פאַר אוסישקינען מהיכא תיתי, אַדרבא, אָבער אָפּשטעלן צוליב דעם די אַרבעט פאַר גאולת הארץ, פאַר ישוב ארץ ישראל, און זיך אַוועקשטעלן מיט פאַרלייגטע הענט, וואַרטנדיק אויפן דערפאָלג פון די דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען מיט מלכים און שרים — דאָס גייט נישט אַריין אין אוסישקינס מוח.

אָט אַזוי שטייען זיך אַנטקעגן אין די פּערזאָנען פון הערצלען און אוסישקין צוויי אידייען וועגן דעם אויפבוי פון דער אידישער מלוכה, צוויי קאָנצעפּציעס, די פּאָליטיש-דיפּלאָמאַטישע קאָנצעפּציע פון גרויסן אידישן שוואונג, אַ גרויסער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס-געדאַנק, וועלכער וועט אויפרודערן די מאַסן, און די פּראַקטישע אַרבעט פאַר ישוב ארץ ישראל, די קליין קאָלאָניזאַציע, די פילע קליינע ביימער דורך וועלכע מען דערזעט נישט דעם וואַלד.

די דאָזיקע צוויי מענער, וועלן זיך נאָך באַגעגענען אין דער אַרבעט פאַרן אידישן לאַנד. זיי וועלן זיך באַקעמפן און זיי וועלן זיך דערגענצן אין דער גרויסער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס-באַוועגונג און זייערע פאַרשידענע קאָנצעפּציעס וועלן דורך די פאַרשידענע מיטלען לייגן דעם יסוד פאַרן אידישן לאַנד. הערצל וועט דורך זיין פּאָליטישער קאָנצעפּציע אויפרודערן די אידישע מאַסן,

ער וועט שאַפן די אָרגאַניזאַציע פון אייראָפּעאישן פֿאַר־נעם, ער וועט באַגייסטערן די אידישע יוגנט און פאַר־אינטערעסירן די דרויסנדיקע וועלט פאַר דער אידישער אויפלעבונגס באַוועגונג. דער רעזולטאַט פון דער דאָ־זיקער אַרבעט וועט זיין די באַלפור דעקלאַראַציע אין סאַן רעמאָ. אוסישקין ווידער וועט שאַפן פאַקטן, קודם קליינע פאַקטן, אויסלייזן איין שטיק באָדן נאָך אַ צוויי־טן, ער וועט רופן די אידישע יוגנט צו גיין לייסטן נאַ־ציאָנאַלע אַרבעט אויפן באָדן פון ארץ ישראל, ער וועט קעמפן פאַר אידישע אַרבעט אין די קאָלאָניעס צוזאַמען מיט די אַרבעטער (ווי אַזוי אוסישקין און זיינע פריינט האָבן געדענקט וועגן די „פאַקטן”, דאָס האָט אויסגע־דריקט טשלענאָוו אויפן 11־טן ציוניסטישן קאָנגרעס: „מיר ווילן און מוזן דורך אַרבעט און פאַקטן באַווייזן דעם אידישן פאָלק, דער טערקיי און דער גאַנצער וועלט, וואָס מיר ציוניסטן לייסטן אין ארץ ישראל און אויף אַ וואָסערן אופן מיר ווילן דאָרטן אַרבעטן”. וועגן פּאָ־ליטיק רעדט זיך דאָ גאָר נים. אָבער דאָס איז אין 1913, ניין יאָר נאָך הערצלס טויט). אַזוי וועט דורך די צוויי פאַרשידענע קאָנצעפּציעס דערגרייכט ווערן — דאָס, וואָס איז פאַקטיש דערגרייכט געוואָרן: דער היינטיקער ישוב אין ארץ ישראל און די אינטערנאַציאָנאַל־פּאָליטי־שע און רעכטלעכע באַדינגונגען פאַר עליה און אויפ־בוי און די קאַמפן פאַר דער אויסברייטערונג פון די דאָ־זיקע באַדינגונגען.

אוסישקין שליסט זיך אָן אין הערצלס פּאָליטישער באַוועגונג, נעמענדיק אַנטייל אין די ערשטע ציוניסטי־שע קאָנגרעסן. אויפן ערשטן קאָנגרעס ווערט אוסישקין אויסגעקליבן אַלס מיטגליד פון גרויסן אַקציאָנס קאָמי־טעט און אַלס מורשה פאַר דעם יעקאַטערינאָסלאַווער

ראיאָן. אָבער כאָטש ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג פונם פּאָליטישן ציוניזם פאַרטרעט אוסישקין אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן דעם פּראַקטישן ציוניזם פון די חובבי ציון. ער קומט אויף די ציוניסטישע קאָנגרעסן ווי אַ פאָרשטייער פון אַ מאַכט. די מערב-ציוניסטן זעען אין אוסישקינען דעם רעפּרעזענטאַנט פונם „אָדעסער קאָמיטעט". באַלאַנגענדיק צו דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פונם ציוניזם, רייסט נישט איבער אוסישקין זיין ענגע פאַרבינדונג מיט די חובבי ציון, וועלכע רופן זיך פון זינט הערצלס אַרויסטריט „פּראַקטישע ציוניסטן". ער נעמט אין 1900 אַנטייל אינעם פראַנקפורטער צוזאַמענפאָר פון די פאַריינען פאַר ישוב ארץ ישראל, וואו די מערהייט באַשטייט פון חובבי ציון, וועלכע געהערן צו דער פון הערצלען געשאַפענער אָרגאַניזאַציע. אוסישקין איז נישט קיין קעגנער פון הערצלס פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע באַמיאונגען, אָבער דער עיקר איז ביי אים גאולת-הארץ, ישוב ארץ ישראל — מיט איין וואָרט: פּראַקטישע אַרבעט. הערצלס פּאָליטישע אַרבעט ברענגט אַ גאַנצע ריי דיפּלאָמאַטישע דערפאָלגן: הערצל ווערט אויפגענומען פונם סולטאַן, פונם דייטשן קייסער, פון אַנדערע מלכים און מיניסטאָרן, אָבער צו פּראַקטישע דערפאָלגן אין ארץ ישראל קומט דאָס נישט. הערצלס גרעסטער פּאָליטישער דערפאָלג איז אַ זאַך, וואָס פירט אַוועק ווייט פון ארץ ישראל: דאָס איז דער אָנבאָט פון דער ענגלישער רעגירונג אויסצוטיילן אַ שטח לאַנד אין מזרח-אפריקע פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע. דאָס איז דער היסטאָרישער אוגאַנדע-פּראָיעקט וואָס איז דאַן געמאַכט געוואָרן צו הערצלס פאָרשטייער אין לאָנדאָן, מר. גרינבערג, דורכן ענגלישן אויסערן מיניסטעריום. דאָס איז געווען

אין 1903, נאָך דעם ערשטן קישענעווער פּאָגראָם, וועל־
כער האָט דעמאָלסט אויפגערודערט די גאַנצע קולטור
וועלט. דער ענגלישער פּרעמיער דזשאָזעף טשעמבער־
ליין (דער פאָטער פון דעם „מינכענער" נעוויל טשעמ־
בערליין) האָט גענומען אַ מענטשלעכן אנטייל אין דער
טרויעריקער לאַגע פון די אידן אין מזרח־אייראָפּע.
הערצל האָט אגב אויך אים געמאכט אַ זייער טיפע וויר־
קונג. דאָס האָט געפירט צו דעם פּראָיעקט, אָנצובאָטן
פאַר די אידן אַ לאַנד אין מזרח־אַפריקע.

דיפּלאָמאַטיש איז דאָס געווען אַן אומגעהויערער
דערפאָלג. „צום ערשטן מאָל אין דער גלות געשיכ־
טע האָט אַ רעגירונג אָנגעבאָטן דעם אידישן פאָלק
אַ לאַנד, כדי דאָרט איינצואָרדנען אַ נאַציאָנאַל אוי־
טאָנאָם לעבן. אָבער ארץ ישראל איז דאָס ניט",
האָט הערצל אַליין אויסגערופן אויפן קאָנגרעס, ווען
ער האָט פאָרגעלעזן דעם ענגלישן רעגירונגס־פּראָיעקט
און געבעטן דעם קאָנגרעס אויסצווויילן אַ קאָמיסיע,
וועלכע זאָל שטודירן דעם פּראָיעקט.

# אינערלעכע צונויפגעבונדנקייט מיט ארץ ישראל

אוסישקין איז אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס נישט געווען. ער איז דאַן געווען אויף זיין צווייטער רייזע אין ארץ ישראל, וואו ער האָט צונויפגערופן די ערשטע קאָנפערענץ (אין זכרון יעקב) צו אָרגאַניזירן דעם ישוב און אויך געגרינדעט די לערער אָרגאַניזאַציע.

די דאָזיקע צוויי אָרגאַניזאַציאָנעלע אונטערנעמונגען ווייזן אונז, אגב, די אינערלעכע צונויפגעבונדנקייט פון אוסישקינען מיט ארץ ישראל. פאַר אים איז ארץ ישראל נישט עפּעס אַ געאָגראַפיש-פּאָליטישער באַגריף, נישט אַן אָביעקט פון פּאַרטיי-פּראָגראַמען. ער איז אינערלעך אַזוי שטאַרק צונויפגעבונדן מיט ארץ ישראל, אַז ער איז ממש אָרגאַניש אַ טייל פון ארץ ישראל. ער איז נישט דער ייד פון חוץ לארץ, וואָס קומט צוגאַסט קיין ארץ ישראל (און דאָס אַליין איז דאָך אויך שוין אַ מדרגה) ער איז גייסטיק און פּסיכאָלאָגיש אַ תושב פון ארץ ישראל, וועלכער לעבט אין חוץ לארץ ערגעץ דאָרט אין יעקאַטערינאָסלאַוו. און דערפאַר לעבט ער אינגאַנצן מיטן לעבן פונם ישוב און די דאגות און די

הצטרכותן פונם ישוב זיינען זיינע דאגות. און זיינע הצטרכותן.

אָט אַזוי איז ער דאָס דער מענטש, וועלכער פאָרט קיין ארץ ישראל אָרגאַניזירן דעם ישוב און שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון די לערער, וואָס דאָס איז פאַר אים אַ וויכטיקער ענין פאַרן חנוך אין ארץ ישראל.

אויף דער קאָנפערענץ אין זכרון יעקב האַלט אוסישקין די דערעפענונגס רעדע און דעם הויפט רעפעראַט וועגן אָרגאַניזירן דעם ישוב. און פון דער קאָנפערענץ פאַר אָרגאַניזירן דעם ישוב, גייט אוסישקין אַריבער צו דער צווייטער קאָנפערענץ, צו שאַפן די אָרגאַניזאַציע פון די לערער. די ערשטע קאָנפערענץ (כנסיה לארגון הישוב„) איז פאָרגעקומען א׳ און ב׳ אלול תרס״ג און די לערער קאָנפערענץ, אויך אין זכרון יעקב, ה׳ אלול. נאָך מער ווי אויף דער קאָנפערענץ צו אָרגאַניזירן דעם ישוב דריקט זיך אוים אוסישקינס אינטעגראַלער ארץ ישראל׳דיקער כאַראַקטער אויף דער לערער קאָנפערענץ. אוסישקין אָרגאַניזירט די לערער אין אינטערעס פונם איינהייטלעכן אידישן חנוך. און דער איינהייטלעכער חנוך איז דאָס וויכטיקסטע מיטל פאַר דער שאַפונג פון אַ נאַציאָנאַל־איינהייטלעך אידיש פאָלק אין ארץ ישראל.

איניקע געדאַנקען פון אוסישקינס רעדעס אויף דער קאָנפערענץ איז כדאי דאָ איבערצוגעבן.

„מיר דאַרפן שטרעבן, אַז אַלע אידן אין ארץ ישראל זאָלן זיך לערנען צו לעבן אַ גאַנץ לעבן, צו אַרבעטן פיזישע אַרבעט — צו אַרבעטן און צו לעבן״.

„אויב דאָס קינד אין דער דאָרף־שול וועט לערנען ווייניקער אָדער מער דקדוק, ווייניקער אָדער מער געשיכטע, ווייניקער אָדער מער וויסנשאַפטן — איז נישט

וויכטיק. אָבער דאָס דאַרפט איר זיי לערנען: זיי זאָלן זיין געניטע און געזונטע פויערים. פויערים, וועלכע האָבן ליב די דאָרפישע סביבה און די פיזישע אַרבעט און באַזונדערס, זיי זאָלן זיין פויערים, וואָס האָבן ליב די העברעאישע שפּראַך און דאָס אידישע פאָלק מיטן גאַנצן הארצן און מיט דער גאַנצער נשמה".

„און וואָס ס'איז נוגע דעם לימוד פון פרעמדע שפּראַכן אין די דאָרפס-שולן, גלויב איך, אַז דאָס דאַרף מען להלומין נישט. נאָר איין שפּראַך דאַרף מען לערנען: עברית און נאָר עברית — פילשפּראַכיקייט איז קעגן דער נאַטירלעכקייט".

# די אָרגאַניזירונג פון די „ציוני ציון"

מיט אַזעלכע ענינים האָט זיך אוסישקין פאַרנומען און אין אַזאַ ארץ ישראל סביבה האָט ער געלעבט, ווען אין באַזעל זיינען געפירט געוואָרן הייסע און היציקע ויכו־חים וועגן דעם אָנבאָט פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכן הערצל האָט געבראַכט אויפן טיש פון זעקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס. אוסישקין האָט באַקומען אַ טעלעגראַפישע ידיעה, וועגן דעם ענין אוגאַנדאַ קיין ארץ ישראל און ער האָט תחילת גאָר ניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ווען ער ווערט געוואויר פון דעם גאַנצן פאַרנעם פון דעם אוגאַנדאַ־פּראָיעקט און פון די אַבסאָלוטע צושטימונגען, וואָס דער דאָזיקער פּראָיעקט האָט אַרויסגערופן ביי אַ טייל פון די ציוניסטן, דער־פילט אוסישקין די סכנה און ער איילט צו זיין צוריק־רייזע קיין רוסלאַנד, כדי צו אָרגאַניזירן די אָפּאָזיציע. ער רופט צוזאַמען און אָרגאַניזירט די היסטאָרישע כאַר־קאָווער קאָנפערענץ פון די „ציוני ציון", יענע פאַר־זאַמלונג, אין וועלכער מען האָט געזען אַ פּערזענלעכע מרידה קעגן הערצלען. אוסישקין ווערט דאַן באַטראַכט אַלס דער פעלז פון דעם ריינעם ארץ ישראלדיקן ציו־ניזם. דער פעלז אָן וועלכן עס שפּאַרן זיך אָן אַלע אָן אונטערשיד פון ריכטונג ציוניסטן, אַלע וועלכע ווילן פאַרטיידיקן דעם ריינעם ציוניזם, דעם „ציוניזם" קעגן אַלע אוגאַנדיסטישע אָדער סתם טעריטאָריאַליסטישע שטרעבונגען. די געפאַר איז דאַן געווען גרויס, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך פאַנאַנדערפאַלן צו־

ליב פּאָליטישע, אידייאישע און פּערזענלעכע שפּאַלטונ־
גען. די סכנה איז געוואָרן נאָך גרעסער דורך דעם טויט
פון הערצלען (4־טער יולי, כ׳ תמוז, 1904). אַ פּאָר וואָכן
פאַר זיין טויט, האָט הערצל נאָך אָנגעפירט מיטן צו־
זאַמענפאָר פונם ציוניסטישן אַקציאָנס קאָמיטעט אין
ווין. אוסישקין האַלט דאָרט אַ רעדע קעגן דער אוגאַנ־
דאַ פּראָיעקט און פאָדערט אָפּצוּוואַרפן דעם דאָזיקן
פאָרשלאַג. אין דעם שווערן מאָמענט, וואָס דער ציוניזם
לעבט איבער נאָך דעם טויט פון דעם פירער, אָרגאַני־
זירט אוסישקין די ציוניסטישע כוחות, ער רופט צוזאַ־
מען קיין ווילנע די קאָנפערענץ פון די „ציוני ציון" און
ער פירט אָן דעם קאַמף פאַרן באַשטאַנד פון דער אָרגאַ־
ניזאַציע און פאַר דער טרייהייט צום ריינעם ציוניס־
טישן אידעאַל.

אויפן 7־טן ציונ. קאָנגרעס האָט אוסישקין הינטער
זיך אַן אָרגאַניזירטע מאַסע פון דעלעגאַטן, וועלכע זיי־
נען גרייט צו פאַרטיידיקן די אָרגאַניזאַציע און דעם אי־
דעאַל. אינם לעצטן מאָמענט, שוין אין די טעג פונם
7־טן קאָנגרעס אין דער שווייץ, אָרגאַניזירט נאָך או־
סישקין אַ מין דעפּיליאַדע פון זיין אַרמיי פון די „ציוני
ציון". דאָס איז געווען די פרייבורגער קאָנפערענץ. דער
היסטאָרישער מאַרש קיין פרייבורג פון די דעלעגאַטן,
וועלכע זיינען געווען קעגן דעם אוגאַנדע פּראָיעקט,
האָט באַזיגלט דעם גורל פונם דאָזיקן פּראָיעקט און פון
די טעריטאָריאַליסטישע שטרעמונגען בכלל. דער או־
גאַנדע פּראָיעקט ווערט פונם קאָנגרעס אַנטגילטיק אָפּ־
געוואָרפן, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע גיט זיך אַ קער
צו דער ריכטונג פון פּראַקטישער ארץ ישראל־אַרבעט.
און אוסישקין ווערט אַ מיטגליד פונם ענגערן ציוניסטי־
שן אַקציאָנס קאָמיטעט, דער אויבערשטער אָנפירונג
פון דער ציוניסטישער באַוועגונג.

# אחריות - געפיל פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

די, וועלכע האָבן נישט איבערגעלעבט יענע צייטן, קענען זיך גאָרנישט מאַכן קיין באַגריף וועגן דער אויפרעגונג און די ליידנשאַפטן, וואָס דער ענין אוגאַנדאַ האָט אַרויסגערופן אין די אידישע שטעט און שטעטלעך. נעכטיקע חברים זיינען זיך געוואָרן קעגנער, פריינט זיינען זיך געוואָרן שונאים צוליב אוגאַנדאַ, טעריטאָריאַליזם און ארץ ישראל. די אויפרעגונג איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַן עקזאַלטירטער אידישער סטודענט אין פּאַריז האָט (אין דעצעמבער 1903) געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף מאַקס נאָרדוי, ווייל יענער האָט אויפן 6-טן קאָנגרעס געשטימט דערפאַר, אַז מען זאָל באַשטימען אַ קאָמיסיע אויסצופאָרשן דעם שטח וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אָנגעבאָטן די אידן. אין שייכות מיטן אוגאַנדאַ פּראָיעקט האָט אויפגעלעבט דער אַלטער קאַמף צווישן „פּראַקטישע" און „פּאָליטישע" ציוניסטן. אַ קאַמף וועלכער האָט ניט אויפגעהערט אויך נאָך דעם ווי די „ציוני ציון", וועלכע זיינען געווען על פי רוב „פּראַקטישע" ציוניסטן, האָבן געזיגט אויפן 7-טן קאָנגרעס. אוסישקין איז געווען דער קאָפּ און דאָס

האַרץ פון די „פּראַקטישע". אָבער מיטן זיג אויפן 7-טן קאָנגרעס זיינען די פּראַקטישע נישט געוואָרן די איינציקע אָנפירער פון דער באַוועגונג. אין דער לייטונג זיינען דאַן געווײלט געוואָרן דריי „פּאָליטישע" און דריי „פּראַקטישע" ציוניסטן: אוסישקין, דר. כהן בערנשטיין פון קישינעוו, און פּראָפעסאָר אָטאָ וואַרבורג. דער כוח וואָס האָט באַדאַרפט מכריע זיין צווישן די צוויי גלייכע לאַגערן איז געווען דוד וואָלפזאָן, אַ ליטווישער איד, וועלכער האָט זיך אין די לאַנגע יאָרן פון זיין לעבן אין דייטשלאַנד אַביסל „פּאַרדייטשט".

אָבער ביי אַזאַ גלייכגעוויכט פון די דריי קעגנשטרעבנדיקע כוחות אין דער באַוועגונג האָט די לייטונג נישט געקענט אַרבעטן. דוד וואָלפזאָן וועלכער האָט באַלאַנגט צום לאַגער פון די פּאָליטישע האָט דעריבער אויפן 8-טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַאַג (אין 1907) נישט געוואָלט איבערנעמען די פּרעזידענט-שטול, אויב אוסישקין וועט געווײלט ווערן אַלס מיטגליד פון דער לייטונג. כאָטש וואָלפזאָן האָט נישט אָנגערופן אָפן אוסישקינען אַלס דעם, מיט וועלכן ער האָט נישט געוואָלט מיטאַרבעטן. די רוסישע ציוניסטן און די עסטרייכישע און אויך אַ טייל פון די אַנדערע דעלעגאַציעס האָבן געקעמפט פאַר די צוויי פירער פון ציוניזם אין רוסלאַנד, אוסישקין און טשלענאָוו. אָבער אוסישקין, האָבנדיק פאַר זיך אַ זיכערע מאַיאָריטעט פון אפשר דריי פערטל פון די דעלעגאַטן, האָט דאָך אַרויסגעוויזן אַ זשעסט פון גרויסמוטיקייט און דערקלערט, אַז ער נעמט נישט אָן קיין מאַנדאַט אין דער לייטונג. אַזוי שטאַרק איז געווען ביי אוסישקינען דאָס געפיל פון אחריות פאַר דער גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע.

אַגב, איז כדאי צו דערמאָנען נאָך איינעם אַ זשעסט

פון אוסישקינען. דאָס איז געווען אויפן צוזאַמענפּאַר פונם גרויסן אַקציאָנס קאָמיטעט אין ווין עטלעכע וואָכן נאָך הערצלס טויט. עס האָט זיך דאַן געהאַנדלט צו באַשטימען אַ פאָרזיצער פון דער ליטונג אויף הערצלס אָרט. און אוסישקין וועלכער איז דאַן אויסגעקליבן געוואָרן צוזאַמען מיט טשלענאָוון אין דעם אויסגעברייטערטן ענגערן אַקציאָנס-קאָמיטעט, האָט פאָרגעשלאָגן מאַקס נאָרדוי אַלס דער, וועלכער זאָל פאַרנעמען הערצלס פּלאַץ. כאָטש נאָרדוי האָט פאַרטיידיקט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געוויסע פּרינציפּן און אַ פּאָליטיק, וועלכע אוסישקין האָט באַקעמפּט, און כאָטש אויך אין דער אוגאַנדאַ פראַגע האָט נאָרדוי פאַרנומען אַ שטאַנדפּונקט וועלכער איז אַזוי ליידנשאַפטלעך באַקעמפּט געוואָרן פון אוסישקינען, האָט דאָך אוסישקין פאָרגעשלאָגן נאָרדויען אַלס פרעזידענט פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע, ווייל ער האָט אין אים געזען דעם פּאָסיקסטן און פּאַסיקסטן מענטשן. אַזוי האָט אוסישקין געשטעלט דעם אינטערעס פון דער גאַנצער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע העכער איבער זיין ריכטונג.

די געשיכטע פון די קאַמפן צווישן דעם פּראַקטישן און דעם פּאָליטישן ציוניזם קאָן דאָ נישט באַהאַנדלט ווערן. דער דאָזיקער קאַמף געהער צו די אינטערעסאַנטסטע וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער אידישער געשיכטע. די אַרגומענטן וועלכע ביידע צדדים האָבן געבראַכט פאַר באַרעכטיקן זייער טאַקטיק און זייער פּאָליטיק באַווייזן היינט, ווי גליקלעך מענטשן און פעלקער וואָלטן געקענט זיין, ווען זיי זאָלן קענען זען די קומענדיקע אַנטוויקלונג. אַ פאַקט איז. אַז אין דער ציוניסטישער באַוועגונג האָבן געזיגט ביידע צדדים, די

פּאָליטישע און די פּראַקטישע. דער פּאָליטישער ציוניזם האָט דערפירט צו דער באַלפור דעקלאַראַציע, צו דער אנערקענונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים דורך מער ווי פופציק מלוכות און דעם בריטישן מאַנדאַט איבער ארץ ישראל, און דער פּראַקטישער ציוניזם האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן היינטיקן ישוב און — אפילו פאַר די פּאָליטישע דערגרייכונגען. פאַרקערט קענען זאָגן די „פּאָליטישע", אַז זיי האָבן ערשט געגעבן די רעכטלעכע יסודות, אָן וועלכע עס וואָלט נישט געווען מעגלעך די אַנטוויקלונג פונם ישוב און דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, וואָס די פּאָליטישע רעזולטאַטן פון דער באַלפור דעקלאַראַציע זיינען דערגרייכט געוואָרן דורך אַ פירער פון דעם פּראַקטישן און קולטור־ציוניזם פון דער דעמאָקראַטישער פראַקציע דר. חיים ווייצמאַן.

# דער ישוב, וועלכן אוסישקין האָט גענומען אָרגאַניזירן

ווען אוסישקין איז אין 1903 געפאָרן צום צווייטן מאָל קיין ארץ ישראל אָרגאַניזירן דעם ישוב און שאַפן די אָרגאַניזאַציע פון די לערער, האָבן געלעבט אין לאַנד אַרום פופציק טויזנט אידן — שוין צוזאַמען מיט די אידן, וואָס האָבן געלעבט פון דער חלוקה. דעם דאָזיקן ישוב איז דאָס אוסישקין געפאָרן אָרגאַניזירן. די דאָזיקע פאַרשידענע טיילן פון אונזער אַלטן פאָלק, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרייניקן, האָט אוסישקין געוואָלט צונויפבינדן צו אַן איינהייטלעכן ישוב און פון אים מאַכן דעם יסוד פאַר אַ קומענדיקן נאַציאָנאַלן פאָלקס קערפּער. און פאַר דעם דאָזיקן „ישוב" האָט אוסישקין געהאַלטן פאַר נויטיק צו שאַפן אַן איינהייטלעכן חנוך דורך אָרגאַניזירן די אידישע לערער. און ביי אַזאַ קליינינקן און צווישן זיך צעריסענעם ישוב פּראָיעקטירט אוסישקין פאַר די לערער אַ פּלאַן פון אַ פאָלקס שול ווי פאַר אַ פאָלק וואָס האָט אַלע מעגלעכקייטן זיך צו אַנטוויקלען אויף זיין באָדן.

דאָס איז, די מאַכט פונם ווילן ביי אוסישקינען, דער ווילן, וועלכער באַהערשט זיין גאַנץ דענקען, זיין פאַר-

שטעלונג, אויב מען מעג זיך באַנוצן מיט שאַפּנהויערס אַ פילאָזאָפישן טערמין. און בלי שום ספק: וואָלט דאָס אידישע פאָלק געווען זיך בעסער צוגעהערט צו די אַר־גומענטן פון די פּראַקטישע ציוניסטן, וואָלטן די ענג־לענדער היינט נישט געקענט באַדראָען אונזער נאַ־ציאָנאַלע עקזיסטענץ מיט זייער פאַרבאָטן פאַרקויפן באָדן אין ארץ ישראל צו אידן. דער גאַנצער ארץ ישראל באָדן וואָלט היינט געווען פּריוואַט רעכטלעך אין אידי־שן באַזיץ אָדער אין באַזיץ פון אידישע קאָלאָניזאַציע אינסטיטוציעס, פאַר אַ קלייניקייט האָט מען דאַן גע־קענט קויפן אַזוי פיל באָדן וויפל מען האָט נאָר געוואָלט. דעם באָדן פון עמק יזרעאל האָט סוסוק עפענדי אָנגע־באָטן הערצלען צום פּרייז פון אַ פונט פאַר אַ דונאַם. אָבער — אודאי הערט מען ווידער די טענה פון די "פּאָ־ליטישע" — ווי לייגט מען דאָס אַריין פאַרמעגנס אין באָדן אָן אַ געזעצלעכער רעכטלעכער זיכערקייט?

דערפאַר טאַקע האָט זיך אַזוי לאַנגזאַם פאַרגרעסערט דער אידישער באָדן־באַזיץ אין לאַנד און די קאָלאָניזאַ־ציע האָט פּראָגרעסירט גאָר פאַמעלעך.

לויט אַ באַריכט, וואָס מאָצקין האָט אָפּגעגעבן אויפן צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס (1898) האָט דאַן דער אי־דישער ערד באַזיץ אין ארץ ישראל אין פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן רשות באַטראָפן 268.778 דונאַם. דאָס איז אומגעפער 25.000 העקטאַר. עס זיינען דאַן געווען אין לאַנד 19 אידישע קאָלאָניעס מיט 4.350 נפשות. פון דעם אויבן אָנגעוויזענעם באָדן זיינען געווען אַ נישט־באַזעצטער שטח פון 72.600 דונאַם אין עבר הירדן. און אין יאָר 1905 ווען דער פּראַקטישער ציוניזם האָט גע־פייערט זיין נצחון אויפן 7־טן קאָנגרעס, האָט דער ישוב אין ארץ ישראל באַטראָפן אַ 55.000 נפשות פון וועל־

כע 5.000 זיינען געווען קאָלאָניסטן, ערד־אַרבעטער און
די איבעריקע שטאָט אײנוואוינער, שוין צוזאַמען מיט
די, וואָס האָבן געלעבט פון דער חלוקה. אין זיבן יאָר
האָט זיך אַלזאָ דער קאָלאָניסטישער ישוב פאַרמערט
נאָר מיט עטלעכע הונדערט נפשות. דער שטאָטישער
ישוב, נישט מיט קיין סך מער, און אַזוי איז דאָס גע־
גאַנגען ווייטער. ביים אויסברוך פון דער וועלט מלחמה
האָבן געלעבט אין ארץ ישראל אין די קאָלאָניעס און
אין די שטעט אַרום 60.000 אידן. דאָס באַווייזט, אַז כדי
דער ציוניזם זאָל דערגרייכן זיינע צילן האָט ער זיך גע־
מוזט באַנוצן מיט ביידע מעטאָדן: דעם פּאָליטישן און
דעם פון פּראַקטישער קאָלאָניזאַציע ארבעט. דערפאַר
טאַקע האָט אויסשקין דער חובב ציון אַזוי שטאַרק אָפּ־
געהיט די גאַנצקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־
זאַציע.

מען דאַרף דאָ אָבער דערמאָנען נאָך איין סיבה. וועל־
כע האָט איינגעהאַלטן דעם וואוקס פון די אידישע קאָ־
לאָניעס: די נעגאַטיווע באַציאונג פון די קאָלאָניסטן צו
דער אידישער אַרבעט. די באַציאונג, פון אוסישקינען
צו דער פראַגע פון אידישע אַרבעט וועלן מיר באַטראַכ־
טן אין אַ ווייטערדיקן קאַפּיטל.

# שוין מיט 52 יאָר צוריק האָט אוסישקין געקעמפט פאַר אידישער אַרבעט

ס׳איז אויסערגעוויינלעך מאָדנע ווי מענטשן שטעלן זיך טיילמאָל אַנטקעגן געוויסע אידייען, וועלכע זיינען פשוט לעבענס נויטווענדיקייטן, אָן וועלכע ס׳איז גאָר קיין לעבן נישט מעגלעך. אַזאַ פשוטע און קלאָרע אידייע איז, אַז אויב אידן ווילן אויפבויען ארץ ישראל אַלס אַ לאַנד פאַרן אידישן פאָלק, איז נויטיק אַז די אַרבעט — די גאַנצע אַרבעט זאָל געטאָן ווערן דורך אידן, וואָרום אָן אידישער אַרבעט, אָן אידישע אַרבעטער, ווי אַזוי וואָלט געוואָרן ארץ ישראל?

וואָס וואָלט ארץ ישראל געווען אַנדערש ווי וועלכער ס׳איז ישוב אין גלות, ווען נישט די אידישע אַרבעט, ווען נישט דאָס באַוואוסטזיין, אַז אַלץ וואָס איז געשאַפן געוואָרן פאַרן אויפבוי פונם לאַנד, איז געשאַפן געוואָרן דורך אידישע אַרבעט? און דאָך האָט זיך די דאָזיקע אַזוי פשוטע, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעכע אידייע ביז היינט נאָך נישט אַנגענומען אויף אַלע הונדערט פראָצענט. נאָך היינט זיינען פאַראַן אידן קאָלאָניסטן און אידישע פאַבריקאַנטן אין ארץ ישראל, באַזונדערס

אָבער די ערשטע, וועלכע ריידן זיך איין מי יודע וואָס פאַר אַ גרויסע טובה זיי טוען דעם אידישן פאָלק, וואָס זיי באַשעפטיקן ביי זיך אידישע אַרבעטער און נישט קיין אַראַבישע. אַ טייל פלאַנטאַטאָרן אין ארץ ישראל האַלטן זיך פאַר גאַנצע קרבנות פונם אידישן פאָלק, דערפאַר וואָס זיי געבן אַרבעט אידישע אַרבעטער, בעת אַראַבישע אַרבעטער וואָלטן ביי זיי געאַרבעט מיט עט־לעכע פרוטות אַ טאָג ביליקער. און זיי פאַרשטייען, אַז דאָס אידישע פאָלק וואָלט זיי דערפאַר באַדאַרפט אָפּ־דאַנקען מיט אַ גאַר גרויסער דאַנקבאַרקייט.

און נישט בלויז דאָס. עס זיינען געווען פאַלן אין אי־דישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל, וואָס זיינען פּאָגראָ־מירט געוואָרן פון די אַרומיקע אַראַבער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די אידישע קאָלאָניעס. אָבער נאָך די פּאָגראָמען האָט מען זיך באַדאַרפט גוט אָנשטרענגען, אַז די דאָזיקע אידישע קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן אַליין געליטן פון די שאָדנס וואָס די אַראַבער האָבן זיי גע־מאַכט, זאָלן צונעמען אידישע אַרבעטער און שומרים. און אויך די דאָזיקע אידן האָבן געהאַט טענות צום אי־דישן פאָלק.

דער קאַמף פאַר אידישער אַרבעט אין ארץ ישראל איז נאָך ביז היינט נישט אויסגעקעמפט אויף אַלע הונ־דערט פּראָצענט. די עקשנות פון געוויסע בעלי בתים קעגן אידישער אַרבעט איז שוין אַזוי אַלט, ווי אַלט ס'איז דער מאָדערנער אידישער ישוב אין ארץ ישראל. און ס'איז ביז גאַר מאָדנע, אַז צווישן די קעגנער פון אידישער אַרבעט האָט זיך אויך געפונען איינער פון די שעפער פון דער אידייע פון ישוב ארץ ישראל, דער העברעאישער שרייבער משה לייב ליליענבלום.

די דאָזיקע דורכאויס אַנטינאַציאָנאַלע התנהגות, צו

פאַרשטויסן אידישע אַרבעטער פון די אידישע קאָלאָ־
ניעס אין ארץ ישראל, איז ווי געזאָגט, אַזוי אַלט ווי
דער ישוב. און ס'איז פשוט אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי
מענטשן, וועלכע האָבן געדינט דעם רעיון פון ישוב
ארץ ישראל, האָבן דאָס געקענט ברענגען איבער זיך,
אַז אין אידישע קאָלאָניעס, אויף אידישער ערד, וואָס
איז אויסגעלייזט געוואָרן דורך אַן אידעאַלער אידישער
אָנשטרענגונג, זאָלן אידן נישט צוגעלאָזן ווערן צו דער
אַרבעט, צוליב אַ פּאָר פּרוטות, וועלכער דער אַראַבער
האָט גענומען ווייניקער פונם אידישן אַרבעטער.

און נישט בלויז פּריוואַטע בעלי בתים, נאָר אויך אין
אַזאַ נאַציאָנאַל־פילאַנטראָפּישער אונטערנעמונג ווי עס
זיינען געווען די קאָלאָניעס פונם באַראָן ראָטשליד,
האָבן די באַאַמטע נישט געוואָלט צולאָזן קיין אידישע
אַרבעטער. און נאָך מער וואונדערלעכער איז וואָס דער
דאָזיקער באַשלוס פונם באַראָנס באַאַמטע איז געלויבט
געוואָרן, ווי געזאָגט, פון משה לייב ליליענבלום.

מיר ווערן געוואויר וועגן דעם פון אַן ענטפער פון
אוסישקינען אויף דער דאָזיקער שטעלונג פון משה לייב
ליליענבלום.

אוסישקינס ענטפער איז דאַטירט פון כ״א אב תר״ן;
— דאָס הייסט מיט אומגעפער 52 יאָר צוריק און ער
איז דערשינען אין דער פּעטערבורגער העברעאישער
ציימונג „המליץ״ פון יענער צייט. אוסישקינס אַרטיקל
הייסט „שמחה זו מה היא?!״ מיט אַן אונטערקעפּל
„לשאלת העבודה העברית במושבות״. דער אַרטיקל
הויבט זיך אָן מיט די פאָלגנדע ווערטער: „אין „המליץ״
נומער 169 האָט ה' ליליענבלום מודיע געווען אַז די
פּקידים פונם נדיב אין א״י האָבן אויפגעהערט צו געבן
אַרבעט צו יונגע אידישע טאָגלוין־אַרבעטער און ער

(ליליענבלום) פרייט זיך זייער צוליב דער דאָזיקער ידיעה וועלכע וועט לויט זיין מיינונג ברענגען אַ גרויסע הילף פאַרן ישוב״.

פאַרוואָס ליליענבלום האָט געגלויבט, אַז פון דעם דערוויטערן אידישע אַרבעטער פון די קאָלאָניעס וועט אַרויסקומען אַ טובה פאַרן ישוב. איז פאַר אונז אַבסאָלוט ניט פאַרשטענדלעך. דאָס איז שוין דעמאָלט געווען אומפאַרשטענדלעך פאַר אוסישקינען, וועלכער האָט טאַקע געפרעגט „שמחה זו מה היא״? וואָס איז דאָס פאַר אַ שמחה.

פון אוסישקינס ענטפער צו ליליענבלומען זעען מיר, אַ ליליענבלום האָט זיך געשטעלט אויף אַ בירגערלעך קאַפּיטאַליסטישן שטאַנדפּונקט. מען טאָר נישט צאָלן דעם אידישן אַרבעטער קיין העכערן לוין, אויב מען האַלט דעם אַראַבישן אַרבעטער פאַר אַ ביליקערן לוין. צאָלן דעם אידישן אַרבעטער אַ העכערן לוין זעט אויס ביי ליליענבלומען ווי אַ נדבה, און אַ פאַלק, זאָגט ליליענבלום, (ווי עס קומט אויס פון אוסישקינס ענטפער) קאָן נישט לעבן פון נדבות. ליליענבלום האָט אין זיין פאַרבלענדונג געזען ממש אַ נאַציאָנאַלע סכנה אין דעם וואָס מען וועט צונעמען אידישע אַרבעטער און מען וועט זיי צאָלן מער ווי די אַראַבער. ליליענבלום האָט מורא געהאַט, אַז אַ סך אָרימע לייט וועלן פאָרן קיין ארץ ישראל, ווען זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז מען צאָלט דאָרט אידן גוטע לוינען. און דעריבער איז נויטיק נישט צו באַשעפטיקן קיין אידישע אַרבעטער, כדי צו פאַרמיידן די העכערע לוינען און די „סכנה״, אַז אַ גרויסע צאָל אָרימע לייט זאָלן זיך אַ לאָז טאָן קיין ארץ ישראל. די דאָזיקע „סכנה״ וועלכע האָט דעמאָלט פאַרשטעלט די אויגן און דעם שכל פון אַזאַ שרייבער ווי משה לייב

ליליענבלום זעט אונז היינט אויס שטאַרק נאַאיוו. אוי־ סישקין פּאָלעמיזירט קעגן ליליענבלומען אויף אַ זייער שאַרפן, כּמעט פּריינטלעכן אופן, און פון זיין אַרגומענ־ טאַציע זעט מען אַ דורכאויס סאָציאָלאָגישן צוגאַנג צו די פראַגן פון עמיגראַציע און אַרבעט. עס זיינען אָבער דאָרטן פאַראַן אייניקע אַרגומענטן, וועלכע די קעמפער פאַר אידישער אַרבעט אין די קאָלאָניעס האָבן ניט אויפגעהערט צו איבערחזרן די גאַנצע פופציק יאָר ביז דעם היינטיקן טאָג און ליידער מוז מען דאָס נאָך היינט איבערחזרן.

אוסישקין ברענגט די פאָלגנדע אַרגומענטן פאַר אי־ דישער אַרבעט: אויב מען לאָזט נישט צו קיין אידישע אַרבעטער, וועט וואָס אַמאָל ווערן גרעסער די צאָל פון די אַראַבער אין די קאָלאָניעס און אויך פון די וויטער־ דיקע געגנטן וועלן קומען אַראַבער און וועלן זיך באַ־ זעצן אַרום די אידישע קאָלאָניעס. און אַזוי וועט אַלס רעזולטאַט פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע זיך פאַר־ גרעסערן די צאָל פון די אַראַבער.

דער דאָזיקער אַרגומענט איז נאָך היינט גילטיק. פאַקטיש האָט זיך אַדאַנק דער אידישער קאָלאָניזאַציע, באַזונדערס פונם ערשטן פעריאָד, פאַרגרעסערט די צאָל פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג אַרום די קאָלאָניעס. בעת די אידישע אַרבעטער האָבן געמוזט פירן יאָרנ־ לאַנג אַן עקשנותדיקן קאַמף פאַר אידישער אַרבעט. און דערפאַר האָט די אידישע קאָלאָניזאַציע לאַנגע יאָרן כמעט גאָר נישט בייגעטראָגן צו אַן אָנזעעוודיקער פאַר־ מערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אינם לאַנד. ערשט די קאָלאָניזאַציע טעטיקייט פונם אידישן נאַציאָ־ נאַל פאָנד האָט געשאַפן אַ ראַדיקאַלן שנוי אין דעם דאָ־ זיקן מצב.

אינם קאמף פאר אידישער ארבעט איז אוסישקין גע־וועזן דורך אלע יארן דער געטרייער באגלייטער און אפטמאל דער פארקעמפער פון די אידישע ארבעטער אין ארץ ישראל.

אין 1906 ווען אוסישקין איז געווײלט געווארן אלס פרעזידענט פון אדעסער קאמיטעט („אדעסער קאמי־טעט" האט מען אנגערופן בקיצור דעם רוסלענדישן פארבאנד פאר אידישער ערד־ארבעט און מלאכה אין ארץ ישראל), האט דער דאזיקער קאמיטעט געגרינדעט די ערשטע ארבעטער־קאלאניע „באר יעקב". ווען די איק"א האט איבערגענומען די קאלאניעס פונם בארא[ן] הירש אין איר רשות, האט זיך די ארבעטער פראגע פארערגערט. די קאלאניסטן האבן באקומען גרעסערע חלקים באדן און זיי האבן געמוזט אנקומען צו געדונ־גענער ארבעט. און וואס מער באדן איינער האט גע־האט אלץ ווייניקער האט זיך אים געלוינט צו באשעפ־טיקן אידישע ארבעטער און אלץ מער אראבישע ארבע־טער האבן זיך באזעצט ארום די אידישע קאלאניעס. אזוי ארום איז די פארגרעסערונג פון די אידישע קא־לאניעס געווארן דער מאטיוו פאר א פארגרעסערונג פון דער אראבישער באפעלקערונג, בעת די אידישע ארבעטער פארשוואונדן אפילו פון יענע קאלאניעס, וואו זיי האבן ביז דאן געארבעט.

ס'איז אלזא געוועזן אין ארץ ישראל אזא מצב: אי־דישע קאלאניזאציע איז געוועזן א קאלאניזאציע פון אידישע בעלי בתים און פון אראבישע ארבעטער. איין אידישער באלעבאס און צען אדער צוואנציק אראבי־שע ארבעטער. דאס הייסט, אז די דאזיקע קאלאניזא־ציע האט גאר נישט בייגעטראגן צו דער פארפעסטי־קונג פון די נאציאנאלע אידישע פאזיציעס אין לאנד.

נאָך אויפן 8־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האאַג (1907) האָט דער רעדנער פון די געמעסיגטע, עסטרייכישע, פּועלי ציון, נתן גראָס, אָנגעוויזן אויף דער גע־פערלעכקייט פון אַזאַ קאָלאָניזאַציע פון אידישע בעלי בתים און פון אַראַבישע אַרבעטער. חוץ דעם וואָס דאָס ברענגט נישט קיין שום נאַציאָנאַלן געווינס, ווייל די אידישע קאָלאָניעס ווערן פעסטונגען פונם אַראַבערטום, האָט אַזאַ קאָלאָניזאַציע אין זיך נאָך אַ סכנה פון סאָציאַלע קלאַסן־קאַמפן אויף נאַציאָנאַלער באַזיס, ווייל די מאַסע פון די עקספּלואַטירטע אַראַבישע אַרבעטער וועלן זעען אין די אידישע בעלי בתים נישט בלויז זייערע סאָציאַלע עקספּלואַטאַטאָרן נאָר אויך זייערע נאַציאָנאַלע שונאים.

די פראַגע פון אידישער אַרבעט אין ישוב איז געוואָרן וואָס אַמאָל ברענענדיקער און אַנגעווייטיקטער. נאָך די פּאָגראָמען פון קישינעוו און האָמעל און שפּעטער, נאָך די אָקטאָבער פּאָגראָמען. נאָך דער דורכגעפאַלענער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, האָט זיך פאַרשטאַרקט דער נאַציאָנאַלער געדאַנק אין דער רעוואָלוציאָנערער אידישער יוגנט אין רוסלאַנד. מאַסן יונגע בחורים זיינען געגאַנגען קיין ארץ ישראל, געטריבן נישט בלויז פון יאוש איבער דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד. נאָר אויך פון דעם שטאַרקן נאַציאָנאַלן ווילן אויסצובויען אַן אייגן אידיש לעבן אין ארץ ישראל. און דאָ האָבן די דאָזיקע יונגע נאַציאָנאַלע אידעאַליסטן זיך באַגעגנט מיט די גראָשן אינטערעסן פון אידישע בעלי בתים, וועלכע האָבן בשום אופן ניט געוואָלט צולאָזן קיין אידישע אַרבעטער.

דער קאַמף פאַר אידישע אַרבעט אין אידישן לאַנד איז איינס פון די שענסטע און צוגלייך איינס פון די

טרויעריקסטע קאפיטלען פון דער געשיכטע פונם ישוב. די יונגע אידן וועלכע זיינען געגאנגען קיין ארץ ישראל ארבעטן כדי אויפצולעבן דעם נאציאנאלן באדן, צו שאפן א היים פאר דעם היימלאזן אידישן פאלק. האבן מוותר געווען אויף אלע וואוילטאגן פון א באקוועם, ציוויליזירט לעבן, זיי האבן זיך באנוגנט מיט די נידעריקסטע שכירות צוליב דעם אידעאל פון אידישער ארבעט, דעם דאזיקן יסוד פון א נאציאנאלער עקזיסטענץ. און פאר דעם דאזיקן נאציאנאלן אידעאל האבן זיי געמוזט קעמפן מיט מסירות-נפש — קעגן אייגענע.

אינם דאזיקן הייליקן קאמף, זיינען אויסגעוואקסן אזעלכע גייסטיקע און פאליטישע פירער ווי אהרן דוד גארדאן, יוסף וויטקין און דוד בן-גוריון.

אוסשקין איז געווען דער ערשטער פון אונזערע פירער, וועלכער האט באנומען דעם פראבלעם פון אידישער ארבעט אין זיין גאנצן נאציאנאלן פארנעם. שוין אין זיין אויבן דערמאנטער פאלעמיק קעגן ליליענבלומען, אלזא נאך פארן אנהויב פון דער מאדערנער ציוניסטישער באוועגונג, האט מנחם אוסישקין געקוקט אויף דעם דאזיקן פראבלעם אזוי ווי מיר באטראכטן אים היינט. אוסישקין האט שוין דאן, מיט צוויי און פופציק יאר צוריק, געזען, אז ישוב ארץ ישראל אן אידישער ארבעט, דאס הייסט — פארשטעלן דעם וועג פאר די אידן אין דעם לאנד וועלכעס מען וויל כלומרשט אויסלייזן פארן אידישן פאלק.

אין יאר 1904, אין סאמע ברען פונם אוגאנדא-קאמף, גיט אוסישקין ארויס א בראשור „אונזער פראגראם", אין וועלכער ער שטעלט פעסט, קודם-כל, אז דער ציוניזם קען זיך ניט פארנעמען מיט דער באזעצונג פון אנדערע לענדער ווי נאר מיט ארץ ישראל, און די אי-

דייע פון ארץ ישראל איז ביי אוסישקינען ענג פארבונ־דן מיט דער אידייע און דער פאָדערונג פון אידישער אַרבעט.

„ווער ס'איז אַמאָל פאַרבייגעגאַנגען דורך די אידישע קאָלאָניעס אין ארץ ישראל — שרייבט אוסישקין אין דער דערמאָנטער בראָשור — האָט דאָרט געקענט זען אַ גרויסע צאָל אַראַבער ביי דער אַרבעט אויף אידישע פעלדער, און אידישע פרדסים, גערטנער און אַפילו אין אידישע הייזער, טויזנטער אַראַבער געפינען אַרבעט ביי אידן, אין דער זעלבער צייט ווען אַ סך אידן גייען אַרום זוכן אַרבעט... צווישן טויזנטער אַראַבישע אַרבעטער טרעפט מען סך־הכל עטלעכע הונדערט אידישע אַר־בעטער"...

אוסישקין פאַרשטייט אַלע מאָטיוון, וועלכע באַוועגן דעם אידישן אַרבעטס־געבער צו זוכן דוקא אַראַבישע אַרבעטער און נישט צו וועלן געבן אַרבעט קיין אידן. דער אַראַבישער אַרבעטער איז ביליקער, ער וואוינט אין דער נאָענט פון דער קאָלאָניע, קעגן דעם אַראַבישן אַרבעטער קען זיך דער אידישער אַרבעטגעבער מער אַרויסשטעלן אַלס בעל־הבית, וואָס איז לגבי דעם אינ־טעליגענטן אידישן אַרבעטער ניט מעגלעך, וכדומה אינ־טערעסן. אוסישקין זעט דאָס אַלץ און פאַרשטייט דאָס. אָבער ער ווייזט אָן, אַז בויען דעם ישוב אויפן יסוד פון אַראַבישער אַרבעט הייסט בויען אויפן זאַמד. „עס וועט קומען אַ טאָג, זאָגט אוסישקין, און דער דאָזיקער אומ־ווּיסנדער, אונטערטעניקער אַראַבישער פעלאַך וועט אויפגעקלערט ווערן, ער וועט עפענען די אויגן און וועט דערזען פאַר זיך בליענדיקע אידישע קאָלאָניעס אָן אי־דישע מענטשן, ער וועט דאָן וויסן אַז זיינע הענט, זיין שווייס האָט געשאַפן די דאָזיקע גאַנצע שפע און ער

וועט געפינען אַ פּתחון־פּה אַרויסצושטעלן אָפן זיין פאָדערונג אויף דער דאָזיקער גאַנצער שפע"...

אוסישקין לייגט פאָר אין זיין בראָשור צו גרינדן אַ פאַרבאַנד פון אידישע אַרבעטער און יונגעלייט וועלכע זאָלן זיך פאַרפליכטן צו גיין אויף דריי יאָר אַרבעטן קיין ארץ ישראל ווי אַ מין נאַציאָנאַלן מיליטער־דינסט. די אַרבעטער דאַרפן גיין אין די אידישע קאָלאָניעס אַרבעטן פאַר דעם זעלבן לוין וואָס עס באַקומען די אַראַבער, און צו פירן אַ שווער אַרבעטער־לעבן, אָט אַזוי ווי עס לעבט דער סאָלדאַט אין די קאַזאַרמעס. נאָך די דאָזיקע אַרבעטס־יאָרן זאָל דער אַרבעטער קאָלאָניזירט ווערן דורך די אידישע אינסטיטוציעס, אָדער ער וועט זיך אומקערן אין זיין וואוינלאַנד, וואו ער וועט פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק פון ארץ ישראל.

מען דאַרף דערמאָנען, אַז דעם דאָזיקן פּראָגראַם האָט אוסישקין אויפגעשטעלט אין 1904, ווען דער קרן קימת האָט זיך נאָך געפונען אין די קינדער־שיכלעך און ווען ס'זיינען נאָך קיין קבוצות ניט געווען. אין די ציונים־טישע אַרבעטער־קרייזן האָט אוסישקינס פאָרשלאַג ניט אַרויסגערופן קיין ענטוזיאַזם. מען האָט אין דעם געזען אַ שטרעבונג צו פאָדערן קרבנות פון יונגע מענטשן, אַרבעטער, בעת פונם קאָלאָניסט, דעם בעל הבית, האָט אוסישקין קיין שום קרבנות ניט געפאָדערט, ניט אַפילו ער זאָל מוותר זיין אויף אַ קליינעם חלק פון זיין ריווח.

אָבער אוסישקין איז געווען אַ רעאַליסט און ער האָט געוואוסט, אַז אַלץ קאָן מען פון אַ בעל הבית פאָדערן, נאָר נישט דאָס, ער זאָל צאָלן העכערע לוינען, דאָרט וואו ער קאָן באַקומען אַרבעטער פאַר ביליגערע לוינען.

מאָראַליש האָט אוסישקין געהאַט אַ רעכט צו זיין פאָדערונג, וואָרום ער אַליין האָט אַלס יונגער מענטש

צוזאַמען מיט טשלענאָוון און מיט חיים חיסין געגרינ־
דעט אַן אגודה צו גיין אַרבעטן קיין ארץ ישראל אויף
די זעלבע באַדינגונגען וועלכע ער האָט פאָרגעלייגט
אין „אונזער פראָגראַם”. (די דאָזיקע אגודה האָט או־
מישקין, אגב, געגרינדעט נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג
פון „ביל”ו”). אָבער די פראַגע וועגן אידישער אַרבעט
אין ארץ ישראל איז דורך „אונזער פראָגראַם” ניט גע־
לייזט געוואָרן. עס האָט געמוזט אונטערקומען אַ גרוי־
סער רעאַלער פאַקטאָר, וועלכער זאָל צוגיין צו דער ליי־
זונג פון דער דאָזיקער פראַגע מיט דער גאַנצער נאַציאָ־
נאַלער אחריות. דער דאָזיקער פאַקטאָר איז געוואָרן
דער אידישער נאַציאָנאַל־פאָנד — דער קרן קימת
לישראל, וועלכער האָט ערשט געשאַפן אַ באַזיס פאַר
אידישער אַרבעט אין ארץ ישראל.

# צוואַנציק יאָר קרן קימת

ס'קאָן אויסזען אַביסל מאָדנע, אַז אין אַ שריפט, געווידמעט דער פּערזענלעכקייט פון אוסישקין האָט זיך ביז איצט נאָך גאָר ניט גערעדט וועגן קרן קימת — יענער נאַציאָנאַלער אינסטיטוציע, וועלכער אוסישקין האָט געווידמעט די לעצטע צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן. אָבער אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונגס-באַוועגונג פונם אידישן פאָלק איז אוסישקין ניט געווען דאָס וואָס ס'איז ביי אַנדערע פעלקער אַ רעסאָרט-מיניסטער, וועלכער שליסט זיך איין און לעבט זיך אויס אין גאַנצן אין זיין רעסאָרט און חוץ דעם אינטערעסירט אים נישט קיין שום זאַך מער. ווי שטאַרק ס'איז ניט געווען די אינערע נשמה-פאַרבינדונג צווישן אוסישקינען און דעם קרן-קימת, איז אָבער אוסישקין ניט געווען קיין רעסאָרט-מיניסטער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דער דירעקטאָר פון קרן קימת, מנחם אוסישקין, האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן אין די ד' אמות פון זיין רעסאָרט, ווייל דער קרן קימת איז בכלל ניט קיין ענין וואָס זאָל זיך לאָזן מעסטן מיט „ד' אמות", ווי בכלל ניט מיט קיין שום מאָס פון שטח, הגם אוסישקין האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיטן שטח, און יעדע פאַרגרעסערונג פון דער אידישער השפעה, פון

דער אידישער פאַקטישער מאַכט אינם לאַנד. אוסישקין, דער אינטעגראַלער איד און אינטעגראַלער ציוניסט, איז געווען דער אידעאַלער פירער פונם קרן קימת און ער האָט זיך צוזאַמענגעלעבט מיטן קרן קימת, ווייל די דאָזיקע אינסטיטוציע איז דער יסוד פון דעם ציוניסטישן אויפבוי פונם אידישן פאָלק, זי איז ווי די ערד די „אם כל חי" — די מוטער, פון אַלץ וואָס לעבט.

אוסישקין, אויסקלויבנדיק זיך דעם קרן קימת אַלס זיין ציוניסטישן אַרבעטס-געביט, טוט דאָס, ניט מיט דער כוונה כדי זיך צו פאַרשליסן אין עפּעס אַ ביוראָקראַטישן דעפּאַרטאַמענט, נאָר פשוט, ווייל דער קרן קימת איז אַ צענטראַלער פונקט, פון וועלכן עס לאָזט זיך בעסער ווי פון וועלכן ס'איז אַנדערן מעמד האָבן אַן איבערזיכט איבער די דערפאָלגן און פאַרשריטן פון דער אידישער אויפלעבונגס-באַוועגונג און פון וואַנען מען קאָן צום בעסטן משפּיע זיין אויף איר גאַנג. מיטן קרן קימת לישראל קאָן מען ניט אָנפירן אויף אַ ביוראָקראַטישן אופן ווי אַ רעסאָרט-מיניסטער און אויך ניט ווי אַ פּאַרטיי-ביוראָקראַט, אַ ספּעץ. קרן קימת אַרבעט פאָדערט סיי אויפן שפּיץ ווי אויף די נידעריקערע שטאַפּלען פון דער אָרגאַניזאַציע-מאַשין, ציוניסטישע אחריות און אַ יוניסטישע דורכטראַכטונג פון אַלע פּראָבלעמען וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער אַרבעט. אוסישקין אַלס דער אָנפירער פון קרן קימת פאַרלירט קיינמאָל ניט פונם אויג קיין שום פּראָבלעם, קיין שום ענין פון ציוניסטישן אינטערעס. ער איז פאַרבונדן מיט אַלע ענינים פון דער ציוניסטישער פּאָליטיק, דער אינערער ווי דער אויסערער, און די פירער פון די אַנדערע צווייגן פון דער אָרגאַניזאַציע פרעגן ביי אים אַן עצה און רעכענען זיך מיט זיין מיינונג.

ס׳איז איבעריק אונטערצושטרייכן, אז דעם קרן קימת איז שטארק צונויץ געקומען דאס געפינען זיך אונטער דער פירערשאפט פון אזא פערזענלעכקייט ווי דאס איז געווען מנחם אוסישקין. דאס האט זיך ארויסגעוויזן אין די דערפאלגן פונם קרן קימת אין די צוואנציק יאר פון אוסישקינס פירערשאפט.

אוסישקין האט געגעבן דעם קרן קימת דעם ברייטן שוואונג, וועלכן דער דאזיקער פאנד האט באדארפט האבן אין זיין נאציאנאלער ארבעט. דורכן קרן קימת האט אוסישקין אנגעהאלטן א פארבינדונג מיט די ציוניסטישע פירער און מיט די אידן פון אלע לענדער. דורכן קרן קימת האט ער געווירקט אויף די ציוניסטן אין ארץ ישראל, מילדערנדיק די פארטיי-מחלוקתן און די קנאה-שנאה.

דורכן קרן קימת האט ער געווירקט אויף די אידישע לערער און דער נאציאנאלער דערציאונג בכלל. דורכן קרן קימת האט ער געהאלפן לייזן די פראגע פון אידישער ארבעט אין ארץ ישראל. דער פאקט וואס דער קרן קימת האט געהאט דורך צוואנציק יאר אין זיין שפיץ א מאן, צו וועלכן אלע ציוניסטן אן אונטערשייד פון ריכטונג, און אפשר אויך אלע אידן, האבן געהאט דעם גרעסטן צוטרוי און די גרעסטע פארערונג, אט דער פאקט האט געמוזט צונויץ קומען דער דאזיקער נאציאנאלער אינסטיטוציע.

ס׳איז נית דא דער פלאץ צו געבן א פרטיותדיקן איבערבליק איבער די אויפטוען און דערגרייכונגען פונם קרן קימת אין די 42 יאר פון זיין עקזיסטענץ, באזונדערס אין די צוואנציק יאר אונטער אוסישקינס אנפירונג. מיר ווילן נאר דערמאנען, אז די גרויסע נאציאנאלע אויפטוען פונם קרן קימת זיינען דערגרייכט גע-

וואָרן אין די צוואַנציק יאָר אונטער אוסישקינס פֿי־רערשאַפֿט. אין די ערשטע צוואַנציק יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ האָט דער קרן קימת קיין גרויסע זאַכן ניט אויפֿגעטון, ניט ער האָט געקאָנט אויפֿטון, ווייל עס האָבן אים פּשוט געפֿעלט די מיטלען און די מעגלעכקייטן. אין יאָר תר״פ (1920) באַטרעפֿט דער באָדן־באַזיץ פֿונם קרן קימת 22.363 דונאַם. אַזוי קליין און ווינציק איז דער רעזולטאַט פֿון זיין צוואַנציק יאָריקער עקזיסטענץ. אָבער צום סוף תש״א פֿאַרנעמט דער ערד־באַזיץ פֿון אונזער נאַציאָנאַלן פֿאָנד אַ שטח פֿון 561.429 דונאַם.

נאָך בולטער זעט זיך אַרויס דער וואוקס פֿון קרן קימת, ווען מען פֿאַרגלייכט די הכנסות פֿון די פֿאַרשידענע יאָרן. אין די ערשטע 23 יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ האָט דער קרן קימת דערגרייכט בסך־הכל אַ סומע פֿון 1 מיליאָן פֿונט. און אין די זעכצן ווייטערדיקע יאָרן, ד. ה. פֿון תרפ״ה ביז סוף תש״א — 5 מיליאָן פֿונט. אַלזאָ אין 16 יאָר איז דערגרייכט געוואָרן פֿינף מאָל אַזוי פֿיל ווי אין די ערשטע 23 יאָר.

אינטערעסאַנט איז צו פֿאַרגלייכן דעם דאָזיקן וואוקס לויט איינצלנע פּעריאָדן. אַלזאָ, אויף צונויפֿצוזאַמלען דעם ערשטן מיליאָן האָט גענומען אַ צייט פֿון 23 יאָר.

דער צווייטער מיליאָן איז שוין דערגרייכט געוואָרן אין 5 יאָר — אָנפֿאַנג תר״ץ.

דער דריטער מיליאָן ווערט דערגרייכט אין די ווייטערדיקע פֿינף יאָר פֿון תר״ץ ביז תרצ״ה.

דער פֿערטער מיליאָן ווערט שוין דערגרייכט אין דריי יאָר.

דער פֿינפֿטער — אין צוויי יאָר.

און דער זעקסטער מיליאָן ווערט צונויפגעזאַמלט אין די אנדערהאַלבן יאָר פון מיט ת״ש ביז סוף תש״א.

דערביי דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט, אַז פון 1933 האָט דער קרן קימת פאַרלוירן איין לאַנד נאָכן אַנדערן וואו ער איז געווען פּאָפּולער און פון וואַנען ער האָט געשעפּט זיינע הכנסות. פון זינט דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, האָט דער קרן קימת פאַרלוירן אַלע זיינע אייראָפּעאישע הכנסה־קוואַלן — חוץ ענג־לאַנד און אפשר שווייץ. און גראַד אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך די הכנסות פון קרן קימת ריזיק פאַרגרעסערט. דאָס באַווייזט, אַז נ. אַמעריקע. דרום־אַפריקע און ארץ ישראל, און אַ קליין ביסל אויך דרום־אַמעריקע, האָבן בּמלא געווען מיט אַן עודף, דאָס וואָס דער קק״ל האָט פאַרלאָרן אין אייראָפּע.

מען מוז ניט זיין קיין אָנהענגער פון „העלדן״־פּרינ־ציפּ אין דער געשיכטע און צושרייבן אַלע היסטאָרישע געשעענישן און אַלע דערגרייכונגען פון דער מענטש־הייט געוויסע איינצלנע פירנדיקע פּערזענלעכקייטן. אָבער מען קאָן אויך ניט לייקענען די באַדייטונג און די ווירקונג פון איינצלנע, פון גאָט־געבענטשטע יחידים, — דאָס איז אויך אונזער פאַל מיטן קרן קימת. אוודאי האָט דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער פאָנד געמוזט דורכ־מאַכן זיין קינדער־ און יוגנט־פּעריאָד, ביז ער איז אויס־געוואַקסן צו דעם וואָס ער איז היינט. און ס׳איז פאַר־שטענדלעך, אַז די ערשטע יאָרן זיינען געווען און האָבן געמוזט זיין יאָרן פון לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג. ס׳איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז עס האָט געמוזט נעמען אַ ביסל צייט, ביז דער קרן קימת לישראל איז באַקאַנט געוואָרן אין פאָלק, און ביז ער האָט צו זיך צוגעצויגן די איבערגעגעבנקייט און די ליבע פון ברייטע אידישע מאַ־

פֿן אין דער גאַנצער וועלט. ס'איז אָבער אויך אַן אמת. וואָס לאָזט זיך ניט לייקענען, אַז עס האָט געמוזט קו־מען אַזאַ, מען קאָן זאָגן, פֿון דער השגחה געשיקטע פּערזענלעכקייט ווי דאָס איז געווען מנחם אוסישקין, כדי צוצוציען די ליבע פֿונם פֿאָלק צו דעם גרויסן אי־דעאַל פֿון גאולת הארץ און אַ שטוים צו געבן דער אַנט־וויקלונג פֿונם קרן קימת, אַז ער זאָל דערגרייכן אין אַנ־דערהאַלבן יאָר, וואָס ער האָט פֿריער ניט דערגרייכט אין צוואַנציק. און טאַקע דערפֿאַר ווייל אוסישקין איז ניט געווען רעספּאָרט מיניסטער פֿאַר גאולת הארץ, טאַ־קע דערפֿאַר, ווייל אוסישקין האָט זיך ניט פֿאַרשלאָסן אין די ד' אמות פֿון זיין דעפּאַרטאַמענט, טאַקע דערפֿאַר, ווייל גאולת הארץ איז פֿאַר אוסישקינען געווען אי דער עיקר, אי אַ יסוד פֿאַר דער גאַנצקייט פֿון דער נאַציאָ־נאַלער אויפֿלעבונג פֿונם אידישן פֿאָלק, — טאַקע דער־פֿאַר האָט ער אַלס פֿירער פֿון קרן קימת געוואונען די ליבע פֿון אַלע ציוניסטן און פֿון אַ גרויסן טייל סתם אידן און דורך דעם אויך געוועקט דעם אינטערעס און די סימפּאַטיע פֿון די פֿאָלקס־מאַסן צום לאַנד, וועלכער פֿאַרווירקלעכט די דאָזיקע גרויסע נאַציאָנאַלע אויפֿ־גאַבע, אויסצולייזן דעם באָדן פֿאַרן באָדנלאָזן אידישן פֿאָלק.

אַזאַ ענין ווי גאולת הארץ איז פֿאַרן פֿאָלק — פֿאַר יעדן פֿאָלק! — תמיד איינגעהילט אין אַ הויך פֿון ראָ־מאַנטיק. און ס'איז דעריבער ניט גלייכגילטיק, ווער עס איז די פּערזאָן, אָדער די פּערזאָנען, וואָס פֿירן אָן מיט דער דאָזיקער אַרבעט. אוסישקין איז געווען פֿאַרן פֿאָלק אַ שטיק ראָמאַנטישע לעגענדע, אפשר טאַקע דערפֿאַר ווייל ער האָט זיך פֿאַרנומען מיט אַזאַ ראָמאַנטישער זאַך ווי די אויסלייזונג פֿונם אַלטן אידישן באָדן פֿאַרן

אידישן פאָלק. ראָמאַנטישע זאַכן זיינען תמיד העכסט רעאַלע זאַכן — וואָס איז פאַראַן רעאַלערעס ווי דער באָדן, אויף וועלכן מיר לעבן, דער באָדן פון וועלכן מיר נעמען דאָס ברויט צום לעבן? און אוסישקין דער ראָמאַנטישער רעאַליסט, וועלכער הערט ניט אויף אַ מינוט צו טראַכטן און צו דאגהן וועגן גורל פונם אידישן פאָלק און וועגן אידישער גאולה, דענקט גלייכצייטיק אין שטחים באָדן. ער טרוימט ממש וועגן באָדן: דאָרט איז פאַראַן אַ גינסטיקע קניה, און דאָ מוז מען קויפן, כדי אויסצופילן אַ ליק צווישן איין אידישן שטח און אַ צווייטן, און ערגיץ ווידער מוז מען קויפן, ווייל איצט איז די בעסטע צייט צום קויפן — שפעטער וועט זיין אַ סך שווערער. אָט אַזוי וועקט און מאָנט אוסישקין דעם אינטערעס פון די אידן אין דער גאַנצער וועלט און ער טראַכט וועגן אַלץ נייע מיטלען, כדי אויסצונוצן אַלע מעגלעכקייטן פאַר גאולת הארץ. ער באַמיט זיך צוצוציען דעם אינטערעס פון פריוואַטן קאַפּיטאַל, ער טראַכט וועגן הלוואה־אָבליגאַציעס, ער פירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער מאָרגאַן־באַנק וועגן אַ הלוואה, (צוליב דעם דעמאָלסט אויסגעבראָכענעם פינאַנציעלן קריזיס, נישט צושטאַנד געקומען), ער באַמיט זיך וועגן באַקומען פאַרן קרן קימת הלוואות פון ירושה־געלטער און דעפּאָזיטירונג פון עולמות־געלטער (די דאָזיקע ריזיקע סומעס, וועלכע די נאַצים האָבן איצט צוגערויבט), — אָבער ס׳איז שווער צו עפענען די אויערן פון די רייכע אידן, פונקט אַזוי שווער ווי צו עפענען זייערע בייטלען. ווען די אידישע גבירים פון אייראָפּע וואָלטן זיך געווען צוגעהערט צו דער שטימע פון קרן קימת, וואָלטן זיי געווען געראַטעוועט אַ טייל פון זייער פאַרמעגן און די אידן וואָלטן היינט געווען אַ פיל גרעסערער כוח

אין ארץ ישראל. דער קרן קימת, זאגט אוסישקין אין איינער פון זיינע רעדעס, האט נאך ניט איינגענומען די ביטלען פון די אידן, כאטש ער האט שוין פון לאנג איינגענומען די הערצער פון די בעסטע פון אונזער פאלק. ארום דעם קרן קימת גרופירן זיך די בעסטע כוחות פון אונזער יוגנט. און די יוגנט ווערט אין איר נאציאנאלער דערוואכונג באווירקט פון דעם דאזיקן גרויסן וואונדערבארן כוח וואס עס איז פאר אונז די לעגענדע אוסישקין, די רעאלסטע לעגענדע וואס האט זוען עס איז געווירקט אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

און דאס איז דאס סאמע וואונדערבארסטע אין דער פערזאן פון אוסישקין, וואס ער, דער זקן, האט זיך אזוי לייכט געקענט עפענען די אויערן און די הערצער פון דער יוגנט. ער איז גלייכצייטיק די פארקערפערונג פון דעם יוגנט־טרוים און פון דער יוגנט־האפנונג פון אידישער דערלייזונג, און דערביי איז ער דער אלטער, אין דער ארבעט פאר אידישער אויפלעבונג גרוי־געווארענער פירער, צו וועלכן אלע קוקן ארויף מיט יראת הכבוד. לויט זיין דערציאונג און לויט זיין לעבנס־שטייגער איז אוסישקין א קאנסערוואטיווער איד פון בירגערלעכן שניט, אבער ער איז לגמרי ניט קיין בורזשוי, און צוליב ארץ ישראל איז ער געווען גרייט צו שלאגן כפרה מיט אלע בורזשואזנע אינטערעסן. און ניט אומזיסט האבן די ארבעטער און זייערע פירער געהאט אזא שטארקן צוטרוי צו אוסישקינען.

# אוסישקין, דער אידישער מענטש

אוסישקין געהערט צו יענע פון דער השגחה-גע־
בענטשטע מענטשן, אין וועלכע עס זיינען פאַרייניקט
די דאָזיקע דריי מענטשלעכע מעלות: גייסטיקע שאַרפ־
קייט, מאָראַלישער כוח און די גבורה פון רצון. און די
דאָזיקע דריי מעלות זיינען צונויפגעבונדן פון אַ שטאַר־
קן אחריות-געפיל. ביי אוסישקינען איז ניטאָ קיין שום
דיסטאַנצירונג צום אידנטום ווי ביי אַזוי פיל מאָדערנע
אידן, וועלכע האָבן אַ „באַציאונג" צום אידנטום, און
וועלכע זיינען, אין בעסטן פאַל, אידן בשותפות מיט נאָך
עפּעס אַנדערש: אידן-אייראָפּעער, אידן פון דייטשער
קולטור, אידן-פראַנצויזן, אידן-פּאָליאַקן, אידן קולטור־
מענטשן וכדומה, און דאָס רעדט זיך ניט וועגן ראַדי־
קאַלע אַסימילאַנטן, נאָר אַפילו וועגן אַ טייל אייראָפּע־
אישע ציוניסטן. ביי אוסישקינען איז ניטאָ אַזאַ זאַך
ווי די פאַרשידענע „באַציאונגען" פונם יחיד צו זיין
פאָלק. עס זיינען ניטאָ ביי אוסישקינען די דאָזיקע יחי־
דישע דיסטאַנצירונגען. ער איז אַלס מענטש אַ איד, אַ
אידישער מענטש. זיין אידנטום איז אין אים. דאָס אידנ־
טום ווירקט אין זיין פערזענלעכקייט מיט אַן עלעמענ־
טאַרן כח. זיין גאַנצע אַקטיוויטעט, זיין שטרעבונג, פון
זיין אנטייל אין דער היסטאָרישער אידישער סטודענטן־

פארזאמלונג אין מאסקווע, ביז צו זיין שוין ציל-באַ־וואוסטער ארץ ישראל-טעטיקייט, צוערשט ביי די בני־ציון אין מאסקווע און דערנאָך אין דער חובבי-ציון באוועגונג. זיינען ווילנס-אויסדרוקן פון דעם דאַזיקן עלע־מענטאַרן אידישן כח, וואָס לעבט און ווירקט אין דעם מענטשן מ. אוסישקין. אַ גרויסער דיכטער האָט אַמאָל געשריבן: „איך בין אַ מיליאָן, ווייל איך לייד און ליב פאר אַ מיליאָן". מ. אוסישקין האָט געליטן די ליידן נים בלויז פון דעם „מיליאָן" אידן, וועלכע האָבן געלעבט מיט אים אין זיין צייט, נאָר די ליידן און די מאַראַלישע דערנידערונגען, וואָס עס האָבן געליטן אלע דורות אידן פון דער צייט פונם חורבן. און די דאָזיקע ליידן האָבן כסדר געוועקט זיין ווילן, זיך נים אונטערצוגעבן פאַסיוו צו די ליידן פון דער קנעכטשאפט פון גלות, נאָר צו אַר־בעטן פאר גאולה, גאולה פארן פאָלק און גאולה פארן לאַנד.

אוסישקין איז געוועזן איינער פון יענע אידישע פי־רערס, וועלכע זיינען קיינמאָל נים פארפרעמדט געוואָרן פון אידן און אידישקייט. ער האָט נים דורכגעמאַכט קיין שום אַסימילאַציע. ער איז זיין גאַנץ לעבן געוועזן אַ גאַנצער איד. ביי אים איז נימאַ קיין שום האַלבקייט, וועלכע כאַראַקטעריזירט אַ סך פון די מאָדערנע אידן. זיין גאַנצע אידישקייט האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם יסוד פון דער אידישער דערציאונג, וועלכע זיין פאָטער האָט אים געגעבן. אלס זיבן יאָריקער אינגל הויבט ער אָן זיך לערנען שווימען אין די ימען פון תלמוד. און אלס דרייצן יאָריקער איז ער שוין אַזאַ גוטער „שווימער", אַז ווען עס קומט קיין מאָסקווע דער וואָלאָזשינער נצי"ב (אַזוי האָט מען גערופן לויט די ראשי-תיבות פון זיין נאָמען דעם גאון ר' נפתלי צבי יהודה בערלין, דער ראש־

ישיבה פון וואלאזשין) און ער האלט א דרשה פאר דארטיקע לומדים. איז דער 13-יעריקער אוסישקין איינער פון די צוהערער און ער קאן תיכף איבערחזרן די גאנצע דרשה.

ס'איז דא שוין דערמאנט געווארן, אז אוסישקין האט אנגעהויבן זיין אלגעמיינע בילדונג אין דער רוסישער שול ערשט אלס א 13-יעריקער, און אז ער האט צוליב דער רוסישער שול דורכאויס ניט געביטן זיין אידיש-טראדיציאנעלן לעבנס-שטייגער. אט אזוי ווערט ביי אים טראדיציאנעלע אידישקייט און השכלה ענג צוזאמענגעבונדן, אז אים איז אומפארשטענדלעך דער גאנצער קאמף, וואס די השכלה-שרייבער פירן, אויף צו באווייזן, אז השכלה, אויפקלערונג, און אלגעמיינע וועלטלעכע בילדונג זיינען ניט קעגן דעם גייסט פון אידנטום.

זייענדיק דורך דער דערציאונג א דורכאויסיקער גאנצער אידישער איד, איז זיין באציאונג צו זיינע רוסיש-קדיסטלעכע שול-חברים א נאטירלעכע, א געזונטע און א קעגנזייטיק-פריינטלעכע. דער יונגער מנחם איז דער איינציקער אידישער תלמיד אין דער רעאל-שולע אין מאסקווע, אבער דאס ווירקט גארנישט אויף אים, צו וועלן באהאלטן, אדער פעלשן זיין אידישקייט. פארקערט, ער איז פונקט אזוי נאטירלעך א איד, ווי זיינע אנדערע חברים זיינען רוסן און קריסטן. דאס דאזיקע זעלבסטפארשטענדלעכע, נאטירלעכע בלייבן ביים אייגענעם שורש, דאס זיין דאס וואס מען איז, דאס ניט באהאלטן און ניט פארלייקענען דאס וואס מען איז, פארשאפט אן אויפריכטיקע באציאונג, רעספעקט און צומאל אפילו פריינטשאפט.

די דאזיקע נאטירלעכע, געזונטע אידישקייט כא

ראַקטעריזירט אוסישקינען דורך זיין גאַנצן לעבן און דאָס רעגולירט זיין באַציאונג צו דער ניט־אידישער סביבה. די דאָזיקע באַציאונג איז קודם־כל אַ אויפריכ־טיקע — אָן די פאַלשקייטן און אָן דער אומאויפריכטי־קייט פון דער אַסימילאַציע.

אוסישקין איז אַ איד פון אַלטן שטאַם און ער איז אינגאַנצן פאַרוואָרצלט אין דער המשכדיקייט פון זיין פאָלק. ער איז אַזוי אַבסאָלוט און ענג פאַרבונדן מיט זיין אידישן שורש, אַז אין דער צייט פונם „רוסישן פרילינג״ וואַגט ער אַרויסצוזאָגן אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אין אָדעס מיט דער פאָדערונג, אַז אידישע קינדער דאַרפן אין שול פריער לערנען די געאָגראַפיע פונם ירדן און דערנאָך ערשט וועגן דער וואָלגאַ. דאָס איז ביי אים אַ נאַטירלעכע זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

און אַזוי נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך איז פאַר אים אַרויסצוטרעטן מיט אַ רעדע אין העברעאיש אויף אַ צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין רוסלאַנד אין יאָר 1917. דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָט אוסישקין, אַגב אַליין צוזאַמענגערופן און אָרגאַניזירט. דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט באַ־שלאָסן, אַז יעדער דעלעגאַט אויפן צוזאַמענפאָר זאָל רעדן אין זיין נאַציאָנאַלער שפּראַך, און ווייל אוסיש־קינס נאַציאָנאַלע שפּראַך, העברעאיש, איז די עלטסטע שפּראַך, ווערט אוסישקין באַשטימט אַלס ערשטער רעד־נער. און העברעאיש איז די שפּראַך, וועלכע מען הערט אַלס ערשטע אויפן פעלקער־צוזאַמענפאָר.

אוסישקין איז דער איד, וועלכער פאַרלייקנט זיך ניט, וועלכער פאַרשטעלט זיך ניט אונטער אַ פרעמדן פּנים און וועלכער חנפעט זיך ניט צו קיינעם. זעלטן ווען קען מען מיט חניפה אָדער דורך פאַרמאַסקירן־זיך געווינען

סימפּאַטיע אָדער גאָר רעספּעקט. נאָר ווען מען איז שטענדיק און אומעטום דאָס וואָס מען איז, דערצווינגט מען פון די אַנדערע רעספּעקט פאַר זיך און פאַרן פאָלק צו וועלכן מען באַלאַנגט.

אַט אַזוי פאַרשאַפט אוסישקין רעספּעקט זיין פאָלק און זיך פּערזענלעך מיט זיין אויפטרעטן אין העברעאיש פאַר דער פרידנס־קאָנפערענץ, ווען עס ווערט פאַר־האַנדלט די פראַגע וועגן ארץ ישראל. אוסישקינס רע־דע פאַר די הויכע דיפּלאָמאַטן, אין דער שפּראַך פון דער ביבל, איז דער בעסטער און שאַרפסטער אַרגומענט פאַרן רעכט פונם אידישן פאָלק אויף ארץ ישראל. או־סישקינס העברעאישע רעדע האָט געמאַכט אַן אויסער־געוויינלעך־שטאַרקן איינדרוק אויף די דיפּלאָמאַטן, בא־זונדערס אויף די אַנגלאָ־זאַקסישע, און באַלפור האָט דערקלערט, אַז „דער דערהויבנדיקסטער מאָמענט פון דער פרידנס־קאָנפערענץ איז געווען ווען אַ זון פון דעם פאָלק פון די נביאים האָט גערעדט אין דער שפּראַך פון די נביאים, וועגן דעם רעכט פון דעם פאָלק פון די נבי־אים אויף דעם לאַנד פון די נביאים". אוסישקינס הע־ברעאישע רעדע אויף דער פרידנס־קאָנפערענץ האָט אַגב געהאַט אויך די ווירקונג, אַז העברעאיש איז אנער־קענט געוואָרן אַלס אַן אָפיציעלע שפּראַך אין ארץ ישראל.

אַט אַזוי ווירקט דער מענטש אוסישקין דורך זיין אינטעגראַלן אידישן כאַראַקטער אויף דער דרויסנדיקער וועלט, כאָטש אין דער אינערער אידישער וועלט קאָן מען ניט תמיד פאַרשטיין אַזאַ כאַראַקטער־גאַנצקייט און אַזאַ אומבויגזאַמען כוח און ווילן, און אוסישקין רופט אָפט אַרויס קאַמפן צוליב דער פעלזנפעסטקייט פון זיין כאַראַקטער און דער עקשנות מיט וועלכער ער פאַר־טיידיקט זיין שטאַנדפּונקט.

# דער פֿאָטער פֿון דער
# ציוניסטישער באַוועגונג

ס'איז שווער צו דעפֿינירן אוסישקינס פּאָזיציע אין דער געשיכטע פֿונם ציוניזם און אין אונזער נאַציאָנאַ־לער אויפֿלעבונגס־באַוועגונג. אוסישקין איז ניט געווען קיין פּאַרטיי־פֿירער און ער האָט דאָס ניט געוואָלט זיין. אַלע פּאַרטייען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן צו אים געהאַט דעמזעלבן צוטרוי, און אַלע האָבן אין אים געזען ניט קיין פֿירער, און אויך ניט קיין לע־רער, נאָר דעם פֿאָטער פֿון דער באַוועגונג. ווי אַ פֿאָ־טער האָט ער זיך געסטאַרעט צו פֿאַרמיידן מחלוקת צווישן די קינדער — די פֿאַרשידענע פּאַרטייען — אָבער אויך למען השלום, זיך ניט צופֿיל אַריינצומישן אין זייערע עסקים. די דאָזיקע גלייכע באַציאונג צו אַלע־מען איז ביי אים ניט געווען קיין „פּאָליטיק", נאָר דאָס איז פּשוט געווען אַן ענין פֿון זיין ציוניסטישער אחריות. דאָ האָט זיך גערעדט וועגן אוסישקינס באַציאונג צו אידישער אַרבעט און צו די אַרבעטער. אָבער ניט בלויז אין דער פֿראַגע פֿון אידישער אַרבעט, נאָר אין אַלץ וואָס איז נוגע ארץ ישראל איז אוסישקין ווי דער אח־ריותפֿולער פֿאָטער, וועלכער פֿאַרזעט ניט און פֿאַרגעסט

ניט קיין שום זאַך. ארץ ישראל איז פאַר אוסישקינען דער צענטראַלער געדאַנק פונם ערשטן מאָמענט אָן, ווען אַזאַ מין פירער אַפילו דאַן, ווען ער האָט געפירט נער מענטש. צו דעם דאָזיקן צענטראַלן געדאַנק האָבן גראַוויטירט אַלע זיינע געדאַנקען וועגן וועלט און לעבן, וועגן פעלקער און מענטשן. אָט דערפאַר איז אוסישקין קיינמאָל ניט געוואָרן קיין פירער אין ציוניזם אינם פּאַרטיי־פּאָליטישן זין פון דעם וואָרט. ער איז ניט גע־ ווען אַזאַ מין פירער אַפילו דאַן, ווען ער האָט געפירט די ציוני־ציון פון פרייבורג; אויך ניט די קורצע צייט פונם 7־טן ביז דעם 8־טן קאָנגרעס, ווען ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. ער איז ניט געווען קיין פּאַרטיי־פירער, אָבער אַ פאָלקס־פירער פון די הערצער, אַ פירער פון די געוויסנס. ער איז אַליין געווען דאָס געוויסן פונם ציוניזם. דערפאַר האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט קיין פּאַרטייאישן צוגאַנג צו מענ־ טשן און זאַכן און פּאָסירונגען אין ארץ ישראל. זיין צו־ גאַנג איז תמיד און צו אַלעם געווען אַ ציוניסטישער, אַ ארץ ישראלדיקער, אַ כלל־אידישער, און דערפאַר האָבן אַלע אין ארץ ישראל און אין גלות, מענטשן און פּאַר־ טייען, אַרויפגעקוקט צו אים ווי צו אַ פאָטער, ווי צו דעם געוויסן, וועלכעם באַגייט ניט קיין עוולה בכיוון. אוסישקין איז געווען גערעכט צו די אַלע, וועלכע האָבן געוואָלט אַרבעטן פאַר ארץ ישראל.

פּראַקטיש האָט אוסישקין געזאָרגט און געאַרבעט פון די סאַמע ערשטע יאָרן פון זיין ציוניסטישער טעטיקייט פאַר גאולת הארץ און פאַר אידישער אַרבעט, פאַרן נאַ־ ציאָנאַלן חינוך און פאַר דער אַנטוויקלונג פון האנדל און אינדוסטריע, פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַרשענע־ רונג פון ירושלים, פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון דער

העברעאישער שפראך און וועגן דער חברה פון העברע־איש. און ביי זיין גאנצער פילזייטיקער ארבעט האט אוסישקין אויך געפונען צייט צו פובליציסטישער אר־בעט. זיינע עסייען און רעדן וועגן ציוניסטישע פירער און זיינע קאמף־חברים זיינען מייסטער־ווערק פון דער קורצער כאראקטעריזירונגס־קונסט.

---

פאראן ביי אונז גרויסע חכמים וועלכע טראכטן אויס גאנצע בויך־סברות וועגן פאלק ישראל און ארץ ישראל און וועגן דעם וואס ס׳איז בילכער. ביי אוסישקינען איז נישטא אזא פאנאנדערטיילונג. ארץ ישראל איז ביי אים דאס וואס זי איז, דאס וואס זאגט זיך אין איר נאמען: „דאס לאנד פון ישראל״. לאנד און פאלק זיינען אן איינ־הייט. ס׳איז דעריבער נישטא קיין פראגע וועגן ביל־כערקייט. אוסישקינס ליבע צו ארץ ישראל איז ליבע צום אידישן פאלק. זיין זארגן און טראכטן פאר ארץ ישראל, איז א זארג פארן אידישן פאלק.

די דאזיקע פארבונדנקייט צווישן ארץ ישראל און עם ישראל קומט צום אויסדרוק אין אוסישקינס גאנצן לע־בן, איז זיין זעכציק יעריקער ארבעט פאר ארץ ישראל. באזונדערס ווייזט זיך דאס ארויס אין אוסישקינס א רעדע, וועלכע ער האט געהאלטן א קורצע צייט פאר זיין טויט, אויף אן אויפנאמע פון נאציאנאל־פאנד־עסקנים, וועלכע זיינען געקומען קיין ארץ ישראל פון אלע עקן פון אייראפע.

באגריסנדיק די עסקנים פון די פארשידענע לענדער, האט אוסישקין דערמאנט, אז עס זיינען פאראן צווישן זיי עולים, מעפילים („אומלעגאלע״ אימיגראנטן), פלי־טים און אויך דורכרייזנדע אויפן וועג צו אנדערע לענ־

דער. באַגריסנדיק די אַלע מיט אַ „ברוכים הבאים" אין נאָמען פון גאַנצן ישוב האָט אוסישקין געזאָגט: „געבענטשט זאָל זיין דאָס קומען פון די עולים, געבענטשט זאָל זיין דאָס קומען פון די מעפּילים און געבענטשט זאָל זיין דאָס קומען פון די פּליטים! איך דענק און איך האָף, און דער גאַנצער ישוב דענקט און האָפט, אַז פון דעם טאָג וואָס איר האָט באַטראָטן די ערד פון דעם געבורטסלאַנד פון אונזערע עלטערן און קינדער, זענט איר שוין מער ניט קיין עולים, מעפּילים און פּליטים, נאָר קינדער פון דעם ארץ ישראל ישוב. פון דער ענגלישער רעגירונג וועט איר באַקומען אייערע בירגער־פּאַפּירן ערשט אין צוויי יאָר ארום, פאַר אונז אָבער, פאַרן ישוב, זענט איר שוין היינט אונזערע בירגער".

אָבער זאָגט ער:

„וואָס וועט איר באַקומען פאַר דעם אַלעמען? איר וועט דערפאַר באַקומען אַ זאַך, וואָס איר וועט דאָס אין דער גאַנצער וועלט ניט האָבן, ווייל אַ איד קען דאָס ניט באַקומען ערגעץ אַנדערש אויסער אין ארץ ישראל. ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, וועט איר דאָ ניט האָבן קיין פולע זיכערקייט, ווייל מיר ווייסן ניט ווי די מלחמה וועט זיך אויסוויקלען. מיר האָפן, אַז דער אומגליק וועט אַדורך און וועט אונז ניט באַרירן, קיין פולע זיכערקייט דערפאַר האָבן מיר אָבער ניט. און דעסגלייכן קען מען אייך ניט פאַרזיכערן קיין רייכקייט — מען קען אייך פאַרזיכערן דעם קעגנזאַץ, ווייל דאָ זיינען ניט פאַראַן קיין קוואַלן פאַר רייכקייט. אַלע אָנגעקומענע דאַרפן זיין צופרידן אויב זיי וועלן האָבן ברויט צום עסן און אַ קלייד צום אָנטון. איר וועט אָבער דאָ יאָ באַקומען, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַזוינס וואָס איר האָט ניט געהאַט אין ערגעץ ביז היינט און אידן וועלן דאָס ניט

האָבן אין קיין אַנדער אָרט אין דער וועלט — דעם געפיל פון אַ היים".

אָט אַזאַ איז ביי אוסישקינען די פאַרבינדונג צווישן עם ישראל און ארץ ישראל. ארץ ישראל איז פאַר אוסישקינען דאָס היימאַט־געפיל פון דעם אידן. נאָר אין ארץ ישראל — זאָגט אוסישקין אין דער אויבנציטירטער רעדע — קאָן אַ איד פילן דאָס אמתע היימאַט־געפיל, דאָס געפיל, זאָגט ער, „אַז איך וואוין אין מיין לאַנד, אין מיין היים — אין ארץ ישראל". דאָס איז, זאָגט ער ווייטער, „דאָס געפיל אַז איך לעב צווישן מיינע ברידער, אין מיין לאַנד, אין דעם אָרט פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט פון אַ גרויסן פאָלק צוליב וועלכער מען פאַרפאָלגט אונז. אין דעם אָרט פון דער גרויסער צוקונפט פון דעם דאָזיקן פאָלק. דערויף האָבן מיר מתפלל געווען אין פאַרלויף פון דורות. די דאָזיקע האָפנונג האָט אונז אויסגעשמידט אין אַ באַזונדער נאַציאָנאַלער איינהייט, די האָפנונג זיך אומצוקערן אין דער דאָזיקער קליינער לאַנד מיט אירע פעלזן און לעבנסשווערקייטן. און אויב דאָס דאָזיקע לאַנד וועט אייך געבן דאָס וואָס איך האָב אייך געזאָגט, און איר וועט זיך צופּאַסן און וויסן ווי צו פילן דעם דופּק פון דער דאָזיקער היים אין אייך — דאַן וועלן די אַלע שווערקייטן זיין פאַר אייך גאָרניט מיט ניט".

און אָט ווי אוסישקין דעפינירט דעם אונטערשייד צווישן דעם ארץ ישראל־ישוב און די אידן פון די גלות־לענדער. ניט אַז די אידן פון ארץ ישראל זיינען בעסערע אידן, נאָר: יעדער אידישער ישוב, אין וועלכן וועלט־טייל עס זאָל ניט זיין, רעכנט זיך נאָר מיט זיך אַליין. נאָר דער ישוב פון ארץ ישראל זאָרגט פאַרן כלל ישראל: ער וואַרט אויפן קומען פון אַלע אידן. דער האַלבער מיליאָן אידן פונם ישוב „האַלט און פאַרשטייט, אַז אויב

זיי וועלן פארבלייבן נאר א האלבער מיליאן וועט דער ישוב ניט האבן קיין באדייטונג. זיין באדייטונג הויבט זיך אן דאן, ווען מיר באטראכטן דעם דאזיקן האלבן מיליאן אלס פראנט, אלס דער אוואנגארד פון גאנצן אי־דישן פאלק אין אלע עקן וועלט, דאס פאלק וואס דארף צוריקקערן קיין ארץ ישראל, נאר דאן האט דער דא־זיקער האלבער מיליאן א גרויסן ווערט, נאר דאן פילן מיר, אז אויב די 15 מיליאן אידן וואס געפינען זיך אין אויסלאנד זיינען דער רוב־מנין פון פאלק, איז דער דא־זיקער האלבער מיליאן פון ישוב דער רוב־בנין פון פאלק".

* *
*

אין אוסישקינס לעבן האבן מיר פאר זיך א מוסטער־לעבן, ווי פון די סאמע גרויסע מענטשן פון דער געשיכ־טע. א לעבן פון גאטס גענאד, א לעבן פון הארמאניע צווישן גייסט און קערפער, צווישן ווילן און טאט. או־סישקין, דער פיזיש־שטארקער און שיינער מאן איז שיין אלס גייסטיקע פערזענלעכקייט און א מאראלישער גי־בור. נישטא קיין מאראלישע קאנפליקטן אין זיין לעבן. אוסישקין איז א מוסטער פון אן אינטעגראלן מענטשן, אן אינטעגראלן כאראקטער. ער איז דערצויגן געווארן צו לעבן ווי א איד און ער האט געלעבט זיין גאנץ לעבן ווי א איד אן אינערע און אויסערע מניעות, אן שטרויכ־לונגען פון זיין לעבנס־וועג און פון זיין לעבנס־ציל. אלס אינטעגראלער איד האט ער אויף א נאטירלעכן אופן געזען און געפילט אין ארץ ישראל זיין היים און ס'איז אים געווען באשערט צו ארבעטן זיין גאנץ לעבן פאר דעם לאנד, וועמעס בירגער ער איז געווען גייסטיק און

מאַראַליש. נאָך איידער ער האָט זיך דאָרט באַזעצט. פאַרן באַזעצן זיך אין ארץ ישראל, האָט אוסישקין זיך געפילט ווי איינער וואָס לעבט אין חוץ-לארץ. אַלס אי־דישער מענטש, אַלס זון פונם אידישן פאָלק, אַלס ביר־גער פון ארץ ישראל איז ער פון גאָט געבענטשט גע־וואָרן צו קענען דערפילן זיינע פליכטן צו זיין פאָלק און לאַנד. אין דעם זינען איז מנחם אוסישקינס לעבן געווען אַ גליקלעך לעבן. און ווי דאָס לעבן פון די גרויסע קעמ־פער און וועגווייזער און בוימייסטער פון דער מענטש־הייט, וועט אוסישקינס לעבן נאָך לאַנגע דורות זיין אַן אידעאַל פאַר דער אידישער יוגנט. די ציוניסטן אָבער, און אַלע אידן בכלל, דאַרפן שטענדיק געדענקען און זיך איינהזרן ווי אַ צוואה אוסישקינס ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט ניט לאַנג פאַר זיין טויט: „פאַר־שטאַרקט אייער גלויבן אין דער אייביקייט פון אונזער פאָלק, שעפּט מוט פון דעם האָפנונגס-קוואַל אויף אונ־זער אויסלייזונג".



# אינהאַלט:

זייט




דרוקעריי כוליאַ קאַופמאַן — כונין 344, בוענאָס איירעס